Rok I. Kraków, 19 listopada 1909 - קראקא ו׳ כסלו תר״ע. Nr 45

# יודישע אילוסטרירטע צייטונג

**Żydowska gazeta illustrowana. — Jüdische Illustrierte Zeitung.**

wychodzi każdego piątku. **Prenumerata wynosi:** Rocznie K. 10 — Rbs 5 — M. 12 Frs 15 Półrocznie 5 K. — Rbs 2.50 — M. 6 — Frs 7.50. kwartalnie K. 2.75 — Rbs. 1.50 — M 2.25 Frs. 4. Pojedyn. egzemplarz 20 hal — 10 kop. 25 Pf — 30 Centm. **Redakcya i Administracya** Kraków, Grodzka 62 — telefon 412 Konto Pocztowej Kasy Oszczędności 57 341. **Ogłoszenia przyjmuje:** Biuro reklamowe i anonsów »Prinzipia« w Krakowie św Marka 21.

Erscheint jeden Freitag. **Abonamentspreis:** jährlich K. 10. — Rbl. 5. — M. 12. — Frs 15.—halbjährlich K. 5 — Rbl 2·50 — M. 6 — Frs 7 50. — vierteljährlich K 2 75. — Rbl 1·50. — M. 2 25. — Frs 4. — Einzelne Nummer: 20 Heller — 10 Kop. — 25 Pf. — 30 Centm. **Redaktion und Administration:** Krakau, Grodzka 62 — Telephon 412. - Oester. Postsparkassen-Konto 57 341. **Inseraten-Annahme:** Reklame-Bureau »Prinzipia« Krakau, Markagasse 21.

ערשיינט יעדען פרייטאג. אבאנאמענטס-פרייז: יעהרליך 10 קראנען, = 5 רובל. האלביעהריג 5 קראנען = 2.50 רובל. פיערטעל יעהרליך 2.75 קראנען, = 1.5 רובל. — איינצעלנע נומער 20 העללער — 10 קאפ — אין אנדערע לענדער: יעהרליך 15 פראנק האלביעהריג 7.50. פיערטעליעהריג 4 פראנק. רעדאקציאן אונד אדמיניסטראציאן: קראקא גראדגאססע 62. — טעלעפאן נו׳ 412 — עסטערר פאסטשפארק.-קאנטא נו׳ 57,341. אינזעראטען-אננאהמע: אנאנסען-ביוראָ „פרינציפיא“, קראקא, מארקא-גאססע 21.

## איינברוכסדיעבשטאהל אים בערלינער לאנדעסגעריכט.



דריי גוינער, פערקליידעט אלס ריכטער, שטעלען זיך אוים גריכטסשרעבנונגען און אויסווייז-פאפירע, מיט וועלכע זיי קאסירען איין עטליכע טויזענד מארק. אויבען: דער הויפטפערברעכער ליטקע.

# ווייכטיג פאר אונזערע אבאָ־נענטען.

**ווער ס'אבאניערט די „יודישע אילוסטרירטע צייטונג" אויף דעם קומענדען יאהר 1910 און שיקט שוין איצט אריין דעם גאנצען אבאנעמענטס־פרייז פון 10 קראנען, בעקומט, אויסער די אלגעמיינע פרעמיעס (וואנדקאלענדער, „דוד שפירא" און „דון יוסף הנשיא"), נאך אלס בעזונדערע פרעמיע**

## אלע בלעטער פון איצט ביז צו ניי־יאהר אומזיסט.

**דאס אבאנעמענט וועט גערעכענט ווערען פון 1 יענער 1910 ביז 1 יענער 1911.**

---

דיעניגע אבאנענטען, וואס זייער אבאנעמענט ענדיגט זיך מיט דיעזע נומער, בעקומען ביינעלעגט א פאסט־שעק, מיט וועלכען זיי זאלען עס תיכף ערנייערן, כדי מיר זאלען נישט זיין געצוואונגען, אויפצוהערען מיט'ן צושיקען פון אונזער בלאט.

·

די פ. ט. אבאנענטען ווערען אויפגעפאָדערט, תיכף צו בעגלייכען זייערע רעכנונגען, ווייל זאנסט וועלען מיר זיי נישט מעהר צושיקען די בלעטער.

·

אונזער הויפט־פערטרעטער אין רוסלאנד איז: י. מערעצקי, ווארשא, כמיעלנא נר' 49, פיליאלע אין לאדז: פעטריקאווער נר' 16.

אין רומעניען: יאזעף בארטפעלד, פאסקאני.

אין בעלגיען: ס. קאהאן, אנטווערפען.

אין אמעריקא: ש. דרוקערמאן, ניו־יארק, 50 קאנאל־סטריט.

## די אדמיניסטראציע.

---

# איינברוכסדיעבשטאהל אים בערלינער לאנדעסגעריכט.

ס'איז נאך יעדען יעדען בעקאנט די מעשה מיט'ן הויפטמאן פון קעפעניק, וועלכע האט ארויסגערופען אין דער גאנצער וועלט די גרעסטע סענזאציע. דער שוסטער פאנט האט זיך פערשטעלט פאר א הויפטמאן איז געשיענען ביים בירגערמייסטער פון קעפעניק (א שטעדטיל ביי בערלין), און האט פארגעוויזען א באפעהל, לויט וועלכען דער בירגער־מייסטער דארף ארעסטירט ווערען. ער האט איהם אויך טאקי איבערגעגעבען דער מיליטערישער וואך פון שטעדטיל און אליין האט ער זיך גענומען בעל־הבית זיין אים בירגערמייסטער־אמט און צוגענומען א היבשע אפותיקא געלד.

א עהנליכע מעשה איז ווידער פארגעקומען טאקי אין בערלין נייא. דריי גנבים. דארונטער איינער, וואס איז פריהער געוועזען א שרייבער אים בערלינער לאנדעס־געריכט, האבען זיך אין א נאכמיטאג איינגעהאקט אין דעם לאנדעסגעריכטס־געביידע, וואו קיין פערהאנדלונגען זענען נישט געווען. זיי האבען זיך אנגעטהון די אמטס־קליידער פון ריכטער און אזוי פערשטעלט האבען זיי בעזוכט עטליכע צימער פון געריכט, האבען אויס־געבראכען א פערשלאסענעם שראנק און ארויסגענומען א מענגע נישט־אויסגעשטעלטע געריכטס־פארמולארע איבער פערשיעדענע קאסטען־רעכנונגען. די פארמולארע



א אינדישער פירסט אין פאריז: דער מאהאראדשא פון קאפורטאלי און זיין שפאנישע געמאהלין

האבען זיי אויסגעשטעלט ווי עס בעדארף צו זיין, און געלעגט דערויף דעם זיגעל. דערנאך האבען זיי זיך אויסגע־שטעקט אויסווייז־פאפירע אלס געריכטס־בעאמטען און זענען ארומגעגאנגען אין שטאדט איינקאסירען געלדער פאר געריכטס־הוצאות ביי פערשיעדענע פארטייען.

די סומעס, וועלכע זיי האבען אויף דעם אופן ארויסגעשווינדעלט, זענען נישט גענוי בעקאנט. מען שמועסט פון עטליכע טויזענד מארק. די אונטערזוכונג וועט ערשט בעווייזען, ווי פיעל זיי האבען צוגענומען.

דערנאך פרובען זיי דיעזעלבע געשיכטע צו מאכען אין א צווייטען געריכט. דאס אבער טרעפען זיי גראד א געריכטס־בעאמטען אין פיראה. און זיי בענוצען א נייעם שווינדעל. איינער פון זיי שטעלט זיך פאר אלס בערלינער אדוואקאט און דערצעהלט דעם ריכטער, אז ער האט צופעליג פערגעסען זיין געלד־טאש אין דער היים און איצט בריכט ער דרינגענד ערלעגען אים געריכט ביי דער קאסא א געוויסע סומע אין ער בעט, מען זאל איהם דערווייל דאס געלד אויסבארגען. דער ריכטער גלויבט אלעס און איבערגיבט דעם שווינדלער דאס געלד.

דער הויפטשווינדלער, דער געוועזענער געריכטס־שרייבער ליטקע, איז דערויף אנטלאפען קיין וויען, וואו ער האט זיך אויסגעגעבען אלס פריוואט־דעטעקטיוו פון מינכען. ער האט אבער דורך זיין מערקווירדיג פער־האלטען ערוועקט א חשד און מען האט איהם איינגע־לאדען צו דער פאליציי. ער זאל בעווייזען זיין אידענ־טיטעט. וועהרענד דער אונטערזוכונג האט מען ביי איהם געטראפען דעם אמטס־זיעגעל פון'ם בערלינער לאנדעס־געריכט, וועלכען ער האט מיטגענומען נאך'ן שווינדעל אין בערלין. די פאליציי האט איהם צוגעדריקט צו דער וואנד און ערשט דעמאלט האט ער אויך מודה געווען ווער ער איז און וואס פאר גוינערשטיקעל ער האט אפגעטהון. ער האט אויך בעקאנט געגעבען די נעמען פון זיינע שותפים.

ליטקע איז תיכף פערהאפטעט געוואָרען און מען וועט איהם אויסליעפערן קיין בערלין. זיינע שותפים זענען



די בעשוועהרדען פונ'ם סולטאן אבדול האמיד: דעם סולטאנ'ס דיאמאנטען ווערען אין פאריז אָבגעשאצט צום פערקויפען.



א פאלאץ אים הימעל: דער [illegible] עהרען פון דער [illegible] קאיזערין געבויעטע פאלאץ ווערד אין געגענווארט פון פאלק פערברענט.

עבענפאלס אין בערלין אויסגעפארשט און פערהאפטעט געווארען.

די גאנצע מעשה ערוועקט אין בערלין די גרעסטע סענזאציע.

פאנט. דער עלעפאנט איז בעפוצט מיט ברילאנטען און אויף די פיס טראגט ער טהייערע בראנסילעטען. נאר מאנכע גרויסע דאמע וואלט איהם זיכער מקנא געווען ווענען זיין רייכען שמוק.

דערווייל האבען זיי איבערגעשיקט קיין פאריז אבדול-האמיד'ס דיאמאנטען צום פערקויפען. די דיאמאנטען זענען אבגעשאצט געווארען דורך דעם בעקאנטען פאריזער יובילער א. קארטיעה און זיי וועלען איינברענגען דעם טירקישען שטאאטסשאץ א היבשע סומע מזומנים.

# א פאלאץ אים הימעל.

די כינעזען זענען זעהר אבערגלייביש. זיי בעזיצען א גאנצע מענגע מנהגים, טראדיציעס און לעגענדעס, וועלכע ערשיינען איינפאך לעכערליך. ניכט רעספעקטווענינער גלייבט אין זיי אפילו דער אינטעליגענטער כינעזער און היט זיי אב זעהר שטרענג.

אזוי גלייבט דאס כינעזישע פאלק, אז א גרויסער שענער פאלאץ וואס בעזיצטווירקליכען ארטיסטישען ווערטה, ווערד צוריק ווידער אויפגעבויעט אים הימעל פון זיך זעלבסט, ווען ער ווערד דא הינטער אויף דער ערד פערברענט.

כדי צו בעזיצען אים הימעל עפיס א שענעס, רייכען פאלאץ, האבען זיך רייכע כינעזען צוזאמענגענומען און אויפגעבויעט פון קארטאן און פאפיער א זעלטען דעלייכען פאלאץ, א ווירקליכע קונסטשטיק פון דער ארכיטעקטור; זיי האבען איהם בעפוצט מיט די שענסטע ארנאמענטע און בעפוצונגען און אן דעם "יום־טוב" פון די טויטע, א גרויסער פייערטאג ביי די כינעזען, אונטערגעצינדען און פערברענט. דער פאלאץ האט געקאסט איבער א מיליאן פראנק.

די כינעזער גלייבען אז דערזעלבער פאלאץ וועט זיך אים הימעל ווידער אליין אויפבויען און די פאטערס פון די פערשטארבענע כינעזישע קאיזערין וועט האבען דארט אויבען וואו צו וואהנען.

דאס פערברענען פון דעם פאלאץ, פון וועלכער מיר ברענגען א בילד אין אונזער היינטיגער נומער, איז געשעהען אין געגענווארט פון א גרויסער פאלקס־פערזאמלונג.

# א אינדישער פירסט אין פאריז.

דער אינדישער פירסט (מאהאראדשא) פון קאפורטאלי, וועלכער האלט זיך זייט א צייט אויף אין פאריז, בילדעט דארט א אונגעוועהנליכע סענזאציע. ער קומט געוועהנליך יעדעס יאהר דארטהין, אבער דאס מאל איז די סענזאציע גרעסער, ווייל דער פירסט פיהרט מיט זיך זיין פרוי, די פרינצעסין קאריען־סאטא, א בעקאנטע שפאנישע טענצערין, וועלכע האט דעם פירסט אזא פערדרעהט דעם קאפ, אז ער האט מיט איהר חתונה געהאט.

דער פירסט האט פון פריהער עטליכע קינדער, וועלכע ער האט געוואלט לאזען שטודירען אין פאריז. אבער די ענגלישע רעגיערונג, וועלכער ער איז אונטערלעגען, האט דאס נישט געוואלט בעוויליגען און מיט שווערער מיה האט ער געפועל'ט, ווענינסטענס זיין עלטסטען זוהן אין דעם דארטיגען ליצעאום צו אונטערברינגען.

אויך דיעזער יונגער פרינץ האט זיך פערליעבט אין טאקי אויך פערלאבט מיט א שפאנישער ארטיסטין ברינדא דע יובאל, מיט וועלכער ער וועט נאך דעם בעענדיגען פון זיין שטודיום פאהרען א היים און דארט חתונה האבען לויט די געזעצע און מנהגים פון זיין לאנד.

אין דעם בילד, וואס מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער, איז צו זעהען די יונגע שענע פירסטין פון קאפורטאלי. אין דער זייט רעכטס ווערד פארגעשטעלט א רייזע פון דעם פירסטען־פאאר אויף א "היילינען" עלע־

# די בעשווערדע פון'ם אבגעזעצטע סולטאן.

דער אבגעזעצטע טירקישע סולטאן, אבדול האמיד, וועלכער זיצט זייט זיין אבזעצונג אין דער ווילא "אלאטיני" אין סאלאניק ווי א פאליטישער געפאנגענער, האט צוגעשיקט צו דער טירקישער רעגיערונג א בעשווערדע ווענען זיין נישט־ערטרעגליכער לאגע.

אבדול־האמיד בעקלאגט זיך ביטער, וואס ער בעקומט אזא קליינעם געהאלט, וועלכער רייכט קוים אויס צים לעבען. ער בעקלאגט זיך איבער דער שלעכטער לופט אין סאלאניקי, איבער דער שטרענגקייט, מיט וועלכער ער ווערד בעוואכט און איבער די ענטבעהרונגען, וואס ער מוז ליידען.

"מען דארף נישט פערגעסען — שרייבט אבדול האמיד אין זיין בעשווערדע — אז האטשי איך בין א אבגעזעצטער סולטאן, האב איך דאס רעכט צו לעבען ווי א פרייער בירגער און ווען די רעגיערונג האט קאנפיסצירט מיין גאנץ פערמעגען, ברויכט זי מיר ווענינסטענס געבען א פענסיע, איך זאל פון איהר קענען לעבען."

אויב די בעשווערדע [illegible] עפיס העלפען, איז א גרויסער ספק. די יונגטירקען ווילען דעם עקס־סולטאן אבזיכטליך נישט געבען גענוג געלד צו פערפיגונג, כדי ער זאל נישט פרובען מאכען נייע אינטריגעס נעגען זיי. אהן געלד קען מען אין דער טירקיי נאר נישט טהון...

# דער הילערסאן־פראצעס.

אין גראדנא איז פאר'ן א וואך פארגעקומען דער פראצעס נעגען דעם בעקאנטען פעטערסבורגער ארוואקאט הילערסאן, וועלכער איז בעשולדיגט געווארען, אז בשעת זיין אויפטרעטען אין געריכט אין א פראצעס נעגען די פאגראמטשיקעס פון ביאליסטאק, האט ער געהאלטען א רעדע, אין וועלכע ער וואלט געקענט אויסרופען א קלאסענקאמף און א שטרעבונג איבערצוקערען די הערשענדע מלוכה אָרדנונג.



דער הילערסאן־פראצעס: ארוואקאט הילערסאן.

דער פּראצעס האט אין גאנץ רוסלאנד ארויסגע־רופען דעם גרעסטען אינטערעס. צום ערשטען מאל איז עס נעמליך פארגעקומען, אז א אדוואקאט זאל אנגע־קלאגט ווערען וועגען זיין רעדע ביי א פּראצעס און די גאנצע אדוואקאטורסקע אָרגאניזאציע איז איבער־דעם גע־ווען שטארק פּער־אינטערעסירט אין דעם רעזולטאט פון פּראצעס.

הילקערסאָנען האבען פערטהיידיגט די בעריהמטע אדוואקאטען גרוזענבערג, אלעקסאנדראוו, יעזוסייעוו און פירסט אנדראָניקאָוו. זייערע רעדעס האבען געמאכט א געוואלטיגען רושם, בעזונדערס ביי די רעדעס פון גרוזענ־בערג און אלעקסאנדראוו האבען די צוהערער אוש גע־וויינט פאר שטארקער ערגריפענהייט.

דאס רעזולטאט פון פּראצעס איז געווען, אז הי־לקערסאן איז פערורטהיילט געוואָרען אויף א יאהר פעסטונג.

די פערטהיידיגער האבען אַנגעמעלדעט די אפּעלא־ציע געגען דיזען אורטהייל.



דער אבגעזעצטער שאה אין אָדעס: בילדער פון זיין וואָהנונג. 1) עמפּפאנגס־צימער. 2) סאלאָן. 3) ווינטערגארטען. 4) שלאָפציממער.

# די יודען פון „פקיעין".

טיעף צווישען געבירגע אים גליל פון ארץ־ישראל, געפינט זיך דאס קליינע אָרט „פקיעין", וועלכעס ווערט אפט דערמאָנט אים תלמוד. עס איז נישט ווייט פון מירון, וואו ס'געפינט זיך דאס קבר פון ר' שמעון בן־יוחאי. אויך פקיעין שטעהט אין געוויסע בעציעהונגען צו דיעזען היס־



א מערכווירדיגער פערזאָנליכקייט: גאָרבערט דעסער.

טאָריש און לעגענדער בעריהמטען מאן, ראָרט אין פקיעין זאל זיך נעמליך געפינען די הייהל, וואו ר' שמעון בן יוחאי אין זיין זוהן ר' אליעזר זענען געזעסען בעהאלטען 13 יאהר אוים מורא פאר'ן רוימישען קאיזער.

אין דיעזען אָרט געפינט זיך א קליינע יודישע קהלה, וואס האט זייט יאהרהונדערטע געלעבט אבגעזונ־דערט פון די איבריגע יודען. איהר אורשפּרונג ציעהט זיך צוריק ביז צו די צייטען פון חורבן בית־שני. דעמילט, ווען די רעמער האבען פערוויסטעט ירושלים און אויך אלע געסע'ע שטעדט פון'ם לאנד, איז א טהייל יודען אנטלאָפען צווישען די בערג און האבען זיך דארט בע־זעצט, כדי צו לעבען אונגעשטערט פון די רוימישע זאלדאטען. מיט דער צייט, ווען ארץ־ישראל איז וואס א מאל מעהר חרוב־געוואָרען, האט מען אין זיי אים גאנצען פערגעסען אין אזוי זענען זיי געבליעבען אבגע־זונדערט פון די איבריגע יודען און האָבען זיך ערהאלטען א טיפּוס, וואס איז אנדעריש פון אונזערע היינטיגע יודען.

א יודישער פאָרשונגס־רייזענדער פון רוסלאנד האט קורצליך געפונען געלעגענהייט, זי אויסצוזוכען און ער האט אויך פאטאגראפירט א גרופּע פון זיי, וועלכע מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער. זיי וואהנען אוים־געמישט מיט דרוזען און אראבער; אין זייער לעבענס־וויזע, זייערע קליידער און אויך אין זייער שפּראכע זענען נישט צו אונטערשיידען פון זייערע נישט־יודישע שכנים. קולטורעל שטעהען זיי זעהר ניעדריג און דורך יאהר־הונדערטע זענען נישט געשטאנען אין קיין שום פערבינ־דונג מיט די איבריגע יודען. אין דער עלטערער יודישער ליטעראַטור ווערען זיי גאר נישט דערמאנט. ערשט דער רייזענדער ר' שמחה בן יהושע האט זיי פאר 150 יאהר בעזוכט און ער דערמאָנט זיי אין זיין ספר „אהבת־ציון". דעמילט האבען זיי נאך געהאט הייזער, פעלדער און וויינגערטנער. איצט זענען זיי זעהר ארים, זייטדעם די ערדציטערניש פון יאהר 1837 און דער דרוזען־אויפ־שטאנד פון יאהר 1860 האבען די גאנצע געגענד פער־וויסטעט. אים גאנצען געפינען זיך איצט דארט קוים 15 יודישע משפחות, צוזאמען בערך 80 נפשות. צומייסט זענען זיי מיט אַקערבוי בעשעפטיגט. זיי בעזיצען אן'אייגענע סינאגאגע, א באד, א איינגערן צום באקען מצות און א בית־עולם. אין לעצטער צייט דאט די יק"א ראטהין געשיקט א לעהרער, וועלכער איז צוגלייך שוחט און חזן.

די יודען פון „פקיעין" בילדען א בעזונדערס אינ־טערעסאנטען יודישען טיפּ און ס'ואלט כדאי געווען, מען זאל זיך מיט זיי אביסעל מעהר אינטערעסירען.

# דער אבגעזעצטע שאה איז אדעס.

„הכל תלוי במזל — אפילו א אָבגעזעצטער הערשער!"

אלסדינג איז א מזל־זאך! וועהרענד דער אבגע־זעצטער סולטאן אבדול־האמיד לעבט אין גרוים נויטה און דחקות, אזוי אז ער מוז זיך וועגען דעם עפענטליך בעקלאגען, זיצט זיך זיין קאלעגע, דער אבגעזעצטער שאה פון פערזיען, „בכבודו של עולם" אין אדעס און לעבט טאקי ווייטער אין ברייטען ווי א געוועזענעם קאיזער צו־שטעהט.

א גאנצער, הערליכער פאלאץ שטעהט איהם צור פערפיגונג; דירה־געלד אליין צאהלט מען פאר איהם 42,000 רובעל יעהרליך. ער בעזיצט זיינע אייגענע פערד, ריענער, קיכע און לייבוואך, ער געהט ארום פריי און מען גיבט איהם איבעראל אב כבוד, ווי א אמת'ן הער־שער. אזוי אז ער האט זיך אויף גאר נישט צו בעקלאגען.

פריילי‌ך. אלעס קען מען נישט האבען. אבדול־האמיד איז טאקי א געפאנגענער, אבער פארט אין דער היים, אין זיין אייגענעם לאנד — דער שאה אבער איז א פרייער פויגעל, אבער אין דער פרעמד, אין א ווייט לאנד!



שטראַסענאיינשטורץ אין פּאריז: דאס בילד פון דער איינגעשטירצטען שטראסע.



שאך־וועט־קאמפף צווישען דר. לאסקער (X) און יאנאווסקי (XX) אין פאריז.

אבדול האמיד האט נעבען זיך זיינע קינדער; דער שאה איז ארויס איינמאל און פעלאז פון פערזיען! אפילו נעזעגענען מיט זיין זוהן האט ער זיך נישט געקענט...

וועמען פון זיי איז בעסער?

# די אבברעקלונג פון דער ענגלישער קיסטע.

אין דער צייט, ווען די ענגלישע פאליטיקער האלטען אין איין ציטערן, דער שונא זאל זיי נישט איבערפאלען און צערשטערען זייער וועלט־הערשאפט, אין דער צייט, ווען זיי פערגרעסערן פון טאג צו טאג זייער קריעגס־פלאטע און ווילען אפילו אויך איינפיהרען די אלגעמיינע וועהר־פפליכט, כדי צו קענען שיצען זייערע וועלט־בעזיצונגען פאר אידנער־וועלכען איינסערן אנגריף, טוליעט זיך נאר אן׳אנדערער שונא צו ביסלעכווייז צו זייער לאנד און צערשטערט עס לאנגזאם, שריט ביי שריט, אבער זיכער.

דאס מעער, וואס רינגעלט ארום דאס ענגלישע פעסטלאנד, נאגט עס ארום. נאגט אוים זיינע קרעפטע און וואס אמאל ברעקעלט אב די קיסטע אלץ מעהר און מעהר. לויט סטאטיסטישע בערעכנונג פערשלינגט דאס מעער יעהרליך צירקא 900 העקטאר ערד פון דער ענגלישער קיסטע, אזוי אז פיעל געגענדען, אויף וועלכע ס׳זענען פאר יאהרען געשטאנען בליהענדע שטעדט און דערפער, געפונען זיך איצט אינטער׳ן וואסער.

די ענגלישע געלעהרטע שרייען שוין לאנג, אז מען מוז דאגעגען עפיס טהון. זיי פערווייזען אויף היסטארישע בייששפיעלע אין דער געשיכטע פון פיעל לענדער און טאקי פון ענגלאנד אליין, אז מאנכמאל קען אזא אבברעקלונגס־פראצעס אננעהמען א דראהענדען אומפאנג און פערשלינגען ווייטע שטרעקעס מיט אמאל, אזוי ווי ס׳איז געשעהען אים יאהר 1099, ווען א שטורם־פלוטה האט פערשלינגען אין דער נעגענד פון ראווער א שטיק פעסטלאנד פון עטליכע צעהנדליגע קוואדראט־קילאמעטער. עהנליכע ערראייגניסע זענען פארגעקומען אויך אין די יאהרען 1240, 1500 און 1750.

אבער ערשט איצט, האט דיעזע געפאהר אויפגעוועקט די עפענטליכע מיינונג אין ענגלאנד און די רעגיערונג האט בעשטימט א קאמיסיע, וואס זאל זיך בעפאסען מיט דיעזער זאכע און קלערען וועגען מיטעל, ווי אזוי אבצוהאלטען דיעזע געפאהר.

אונמעגליך איז עס נישט, אויך אין נארוועגען זענען פריהער פארגעקומען עהנליכע ערשיינונגען און מען האט געפונען מיטעל, די אבברעקלונגסמאכט פון דעם מעער אויפצוהאלטען.

# א בילד פאר צוויי מיליאן פראנק.

די אמעריקאנישע מיליאנערע בעשטרעבען זיך זייט א צייט, אויפצוקויפען קיין אמעריקא אלע טהייערע אלטע בילדער און קונסטשטיקע, כדי צו בערייכערן די יונגע אמעריקאנישע קילטור מיט די שעפפונגען פון די גרעסטע וועלט־קינסטלער. אין אזוי ווי אויך אין איידאפא געפונען זיך בעלנים אויף גרויסע קונסט־ווערקע, בעוויזען די אמעריקאנער די קאנקורענץ בייטענדיג די העכסטע פרייזע, וועלכע די „ארימע" אייראפעער קענען גאר נישט ערדייכען.

אזוי האט קירצליך דער אמעריקאנישער מיליאנער הונטינגטון ערווארבען א בילד פון דעם בערהמטען שפאנישען מאלער וועלאסקועץ פאר צוויי מיליאן פראנק. דאס בילד שטעלט פאר דעם שפאנישען מיניסטער אליווארעס, וועלכער איז געוועזען דער מעכטיגסטער הער אין שפאניען אונטער קעניג פילים דעם צווייטען (אים 16־טען יאהרהונדערט).

# שטראסען־איינשטורץ.

אויף דעם בעריהמטען פאריזער שטאדטהייל מאנטמארטע האט זיך פאריגע וואך פלוצים אין [illegible] מיט פון א שטראסע די ערד אין דער לענג פון צוועלף מעטער געזענקט. א הויז איז איינגעשטירצט און א פ־ווי איז אריינגעפאלען אין דער פערזענקונג.

דאס לאך פון דער פערזענקונג איז טיעף 25 מעטער.

פריהער איז אויף דעם ארט פערהאנען געוועזען גיפס־שטיין־בריכע, וועלכע זענען פערשיט געווארען, ווען



א בילד פאר צוויי מיליאן פראנק.

מען האט דא אנגעהויבען צו בויען הייזער. עס זעהט אויס, אז די פערשיטונג איז נישט געוועזען גענוג שטארק און מיט דער צייט האט זיך דארט ווידער געבילדעט א עפנונג, אין וועלכער די שטאכע האט זיך איינגעבראכען.

טראץ פון דער גרעסטער אנשטרענגונג איז עס נישט געלונגען, די לייכע פון דער פערשאטעטער פרוי אויסצוגראבען. דער ערדבאדען ארום איז געמליך שטארק זאמדיג, און וואס מעהר מען גראבט אלץ מעהר גיעסט עס זיך נאך אין פערשיט אלץ די עפנונג.

אויך די הייזער ארום דעם ארט שוועבען אין געפאהר און מען מוז זיי שטיצען מיט באלקענס, כדי זיי זאלען נישט איינשטירצען.

# שאך־וועטקאמפף.

אין פאריז האט זיך פאריגע וואך געענדיגט דער שאך וועטקאמפף צווישען די צוויי וועלטקינסטלער דר. לאסקער און יאנאווסקי, מיט וועלכען ס׳האט זיך אינטערעסירט די גאנצע שאך־וועלט.

צוזאמען האבען זיי געשפיעלט צעהן פארטיען. אלס וועלט־זיעגער האט זיך בעהויפטעט דער יוד דר. עדוארד לאסקער. געוואונענדיג זיבען פארטיען. יאנאווסקי האט קוים געוואונען איין פארטיע. צוויי פארטיען זענען געבליעבען „רעמי".



די אבברעקלונג פון דער ענגלישער קיסטע: ערדרוטש אין דער קיסטע פון סופעקס.

# א סענזאציאנעלע פערהאפ־טונג אין טשערנאוויץ.

איבער טעלעגראפישער אנווייזונג פון דער פראגער פאליציי איז אין טשערנאוויץ פערהאפטעט געוואָרען דער אסיסטענט פון דעם לעבענסמיטעל־אונטערזוכונגס־אמט אין טשערנאוויץ, דר. דער כעמיקער ע. קאהן.

דר. קאהן האט זיך פריהער אויפגעהאלטען אין פראג, וואו ער האט געהאט א ליעבעספערהעלטניס מיט א פערהייראטהעטער פרוי קאטארינא קראל, בעזיצערין פון א רעסטאוראציע. אים פערגאנגענען זומער איז ער ווידער צוזאמענגעקומען מיט זיין געליעבטער און זי האט זיך פאר איהם בעקלאגט איבער איהר מאן, אז ער בעהאנדעלט זי שלעכט. אין לעצטע צייט איז ער קראנק געווען. איך האב דאכי בעמערקט אז זי וואלט פון איהם געוואלט פטור ווערען. ווען דר. קאהן וואלט איהר נאר וועלען שיקען דאזו דאס נויטהיגע גיפט. דר. קאהן האט איהר דאס צוגעזאגט און צוריקקעהרענדיג קיין טשערנאוויץ האט ער שאך געהאלטען וואס און איהר געשיקט א מין אינדיש גיפט „קוראריע", וועלכעס בעזיצט די אייגענשאפט. אז מען קען ביי דעם טויטען נישט דערקענען קיין שום סימן פון פערגיפטען.

דאס גיפט האט ער געשיקט אין א געשלאסענעם בריעף פאסט־רעסטאנטע. דורך א צופאל איז דער בריעף געקומען אין פרעמדע הענד, וועלכע האבען איהם איבערגעגעבען דער פאליציי.

דר. קאהן, א יונגער מאן פון 31 יאהר, האט זיך מודה געווען און איז איבערגעשיקט געוואָרען קיין פראג, וואו ער וועט געמשפט ווערען.

# א ברענענדיגע פליעה־מאשין.

פאריגע וואך זענען אין האמבורג פארגעקומען פראבעס מיט פליעה־מאשינען, ביי וועלכע ס'האט זיך ערייגנעט א שרעקליכער פאַרפאל, צום גליק אהן מענשליכע קרבנות.

בשעת פליעהען האט זיך איין פליעה־מאשין פלוצים אנגעצינדען. דאס פייער איז געקומען פונ'ם מאטאר אין דעם מאמענט, ווען די מאשין האט זיך געפונען אין א הויך פון 30 מעטער, און באלד האט זיך אנגעצינדען די לייננואנד פון דער מאשין. מיט א אונגעהויערע געשווינדקייט איז די גאנצע מאשין אים גאנצען געווען איינגעוויקעלט אין פייער.

דער לענקער פון דער מאשין דער מעכאניקער סעקע, האט אבער נישט פערלויערען זיין קאלטבלוטיגקייט. ער האט באלד אבגעשטעלט דעם מאטאר און די מאשין האט זיך לאנגזאם א־אבגעלאזט. ווען זי איז געווען נאך 5 מעטער הויך, איז דער מעכאניקער א־אבגעשפרונגען און איז געבליעבען שטעהען אויף דער ערד. עס איהם נאר נישט געשעהען, נאר פאר אויפרעגונג איז ער אנידערגעפאלען חלשות... מען האט איהם דערמונטערט און אבגעפיהרט אין שפיטאל.

פון דער מאשין איז נאר פערברענט געוואָרען די לייננואנד. דאס געשטעל איז געבליעבען גאנץ, נאכדעם איז דאס פייער תיכף פון דער אנוועזענדער פאלקס־מענגע פערלאשען געוואָרען.

דער מעכאניקער סעקע, א יונגער מאן פון קוים 22 יאהר, רופט ארויס דורך זיין קאלטבלוטיגקייט די גרעסטע בעוואונדערונג. ער איז ערשט צום צווייטען מאל אויפגעשטיעגען מיט דער פליעה־מאשין.

# יוליאוס ליפערט געשטארבען.

אין פאריז איז פאריגע וואך געשטארבען דער בערימטער געלעהרטער און פאליטיקער יוליאוס ליפערט, 71 יאהר אלט.

דער פערשטארבענער איז בעקאנט געווען אין דער גאנצער וועלט דורך זיינע בעריהמטע קולטור־היסטארישע ביכער, דאָנגטער דאס וויכטיגע „איבער די ענטוויקלונג פונ'ם מענשענגעשלעכט", וועלכעס איז איבערזעצט געווארען אין פיעל שפראכען, אויך אין העבעראיש דורך דוד פרישמאן („תולדות השלמת האדם", פערלאג „אחיאסף").

אויך אלס פאליטיקער האט ליפערט א צייט לאנג געשפיעלט א גרויסע ראלע אין בעהמען. ער איז געווען מיטגליעדער פון רייכס־ראטה און לאנדטאג. עטליכע יאהר איז ער געווען לאנדמארשאל־שטעלפערטרעטער אים בעהמישען לאנדטאג.

# יובילעאום פון א ראבינער.

דער ראבינער פון גלייוויץ (אבערשלעזיען) האט פאריגע וואך געפייערט דאס 25־יעהריגע יובילעאום, זייט דעם ער בעקליידעט דיעזע שטעלע.

זייט 25 יאהר איז דר. מינץ ראבינער אין גלייוויץ און ער ערפרייט זיך דער גרעסטען בעליעבטהייט און אַכטונג ביי אלע געמיינדעמיטגליעדער. דער יובילאר איז אויך שריפטשטעלעריש טהעטיג און איז עטליכע מאל אויפגעטרעטען מיט בראשירען אין יודישע צייטפראגען, וועלכע האבען געמאכט א גרויסען רושם.

דאס יובילעאום איז געפייערט געוואָרען אויף זעהר א ווירדיגען אופן, און דער יובילאר האט בעקומען גליקווינשע פון אלע זייטען, פון יודען און נישט־יודען.

אים יובילעאומס־טאג זענען ערשיענען ביים יובילאר די פערטרעטער פון געמיינדע־פארשטאנד, פון די גימנאזיאל־לעהרער, פונ'ם אבערשלעזישען געמיינדעפערבאנד, פון די אבערשלעזישע ראבינער עטצ., וועלכע האבען איבערגעגעבען די ווארעמסטע גראטולאציעס.

אבענדס איז פארגעקומען א פעסט־באנקעט, ביי וועלכען ס'האבען זיך בעטהייליגט דער בירגערמייסטער פון גלייוויץ, דער קאטאלישע און דער עוואנגעלישע גייסטליכע, די שולדירעקטארען און ווי די פערטרעטער פון אלע בעהערדען, וועלכע האבען געפייערט די גרויסע פערדיענסטע פון דעם יובילאר.

# פערהאפטעט א מעדכען־הענדלער אין פשעמישל.

אין פשעמישל איז אם 6 נאוועמבער פערהאפטעט געוואָרען א מעדכענהענדלער, מיט'ן נאמען נארבערט דעסער, גראדע אין דעם מאמענט, ווען ער האט געוואלט אוועקפאהרען מיט א פערנארט מיידעל.

עס זעהט אויס, אז מען האט דא געפאקט איינעם פון די געפעהרליכסטע מערכען הענדלער. אין פשעמישל זעלבסט האט ער גלייכצייטיג פערקעהרט מיט 8 מיידליך (6 יודישע און 2 קריסטליכע), און האט זיי איבערגע־



יורען פון סקיען.



יובילעאום פון א פעראיין פאר יודישע ליטעראטור: כ. העהנליין, דער גרינדער פון ערשטען ליטעראטור־פעראיין אין דייטשלאנד



יובילעאום פון א ראבינער: ראבבינער דר. מינץ אין גלייוויץ.



א האלבער מענש.

רעדט. זיי זאלען מיט איהם פאהרען צו זיינע עלטערן, וועלכע וואוינען זעהר רייך און ראיט וועט ער מיט זיי חתונה האבען. (נאטירליך האט קיינע איינצינע געוואוסט פון דער אנדערער). אין זיין נאטיצבוך האט מען געפונען פערשריעבען איבער 500 אדרעסען פון פערשיעדענע מיידליך אין גאליציען. ער האט אויך ביי זיך געהאט פערשיעדענע דאקומענטע פון רבנים (פאר יודישע קינדער) און פון נייסטליכע (פאר קריסטליכע), וואס האבען אנ־געבליך בעשטעטינט זיין עהרליכקייט און א־רענט־טעט.

עס איז אויך בעוויעזען געווארען, אז דעסער איז שוין עטליכע מאל געווען אין אמעריקא, קאנסטאנטינאפעל, אונגא־ן און רומעניען.

די פאליציי האט איהם איבערליפערט דעם בע־צירקסגעריכט, וועלכעס פיהרט די וויטערע אינטערזוכונגען. מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער דאס בילד פון דעם חברה־מאן, ווער עס ווייסט עפיס וועגען איהם, זאל מודיע זיין דעם בעצירקסגעריכט אין פשעמישל.

# א האלבער מענש.

מענשליכע פערזעהענישען, קו־יאזיטעטען, ווערען אפט אויסגעשטעלט אין פאנאפטיקומס, מיזעאימס עטצ.



אבעסינישע פאליטיק: דער קראנפרינץ לידזשיאס-סו.

מיר האבען שוין געזעהען צוויי מענשען צוזאמענגעוואקסענע, מענשען מיט צוויי קעפ, 4 הענד אדער פוס, האלב־מענש און האלב־פיש, האלב־מענש און האלב־לייב וכדומה.

אבער די גרעסטע מערקווירדיקייט פון אלע דיעזע קוריאזיטעטען איז זיכערליכער דער האלבער מענש, וואס ווז איצט אויסגעשטעלט אין דעם ווינער פאנאפטיקום.

עס איז דאס א האלבער מענש, א דאמע אים אלטער פון 25—30 יאהר, וואס איהר בילד ברענגען מיר אין אונזער היינטיגער נומער.

די האלבע דאמע איז גאנץ נא־מאל ענטוויקעלט, זי שפ־יכט עטליכע שפ־אכען און בעזיצט א געוויסען נ־אר אינטעליגענץ.

זי איז מיט איהר גורל גאנץ צופריעדען.

# אבעסינישע פאליטיק.

די ידיעות, אז דער קאיזער פון אבעסיניען, דער נעגוס מענעליק, ליעגט אים שטארבען, ווילען נאר נישט אויפהערען. יעדען טאג עראווארטען די אייראפעאישע בלע־טער די נאכריכט איבער זיין טוידט, וועלכער וועט ארויס־רופען די גרעסטע פערווירונגען אין דיעזען לאנד, דורך די אינטריגעס, וועלכע די קאיזערין בעטרייבט געגען דעם קראנפרינץ לידזשיאס־סו.

דער נעגוס אבער, נאך ליעגענדיג אויף דעם טויט־בעט, האט אפיציעל פראקלאמירט דעם פרינץ לידזשיאס־סו אלס זיין נאכפאלגער און די אבעסינישע ווירצע־קעניגע („ראס") האבען איהם אנערקאנט. פאר דער איי־ראפעאישער פאליטיק איז דאס זעהר וויכטיג, ווייל אויב מענעליק וועט שטארבען און דער קראנפרינץ וועט איי־בערנעהמען די רעגירונג, וועט די [illegible] פאליטיק בלייבען דיעזעלבע וואס ביזהער, פריינדליך צו די אייראפעער און צו דעם אייראפעאישען האנדעל. דאגעגען אויב די קעניגין זאל זיעגען און איבערנעהמען די ממשלה אין איהרע הענד, וואלט עס תיכף געקומען צו קאנפליקטע מיט די אייראפעער און אויך אים לאנד גופא וואלטען אויסגעבראכען אונרוהען און אויפשטאנדען.

* * *

אבעסיניען איז א לאנד אין מזרח־צפון פון אפ־ריקא, זיין שטח בעטרעגט 200,000 ענגלישע קוואדראט־מייל און עס צעהלט בערך 5 מיליאן איינוואהנער. לויט וויסענשאפטליכע פארשונגען איז אבעסיניען דאס אלטע לאנד „כוש", וואס ווערד דערמאנט אין תנ"ך. דארט האט רעגיערט די מלכה־שבא, וואס איז געקומען [illegible] שלמה המלך. די אבעסינישע קעניגליכע פאמיליע רימהט זיך נאך ביז היינט, אז זי שטאמט אב פון שלמה המלך און אויף דעם קעניגליכען זיעגעל איז אויסגעקריצט א לייב אלס סימבאל פון די ווערטער „גור־אריה יהודה".

די אבעסינער האלטען זיך פאר אבקעמלינגע פון די עשרת־השבטים, זיי זענען צוזאר צומייסט קריסטען. אבער זיי האלטען נאך געוויסע יודישע מנהגים, ווי מילה, שבת און עסען נאר כשר'ע בהמות. נעגוי לאזט זיך דאס אלעס נישט קאנטראליר־ען.

צווישען די אפריקאנישע לענדער איז אבעסיניען דאס אם מייסטען פארטגעש־יטענ, עס האט עטליכע מאל געפיהרט קריעג מיט איטאליען און געזיעגט.

# יובילעאום פון א יודישע ליטעראטור־פעראיין.

פארינע וואך האט דער ערשטע יודישע ליטעראַ־טור־פעראיין אין דייטשלאנד געפייערט זיין 25־יעהריגען יובילעאום.

מיט 25 יאהר צוריק האט דער כלל־טהוער ה' מ. העתנליין צוזאמען מיטן לעהרער אסטערמאן אין באכים געגרינדעט דעם ערשטען פעראין פאר יודישע ליטעראטור אינם רהיינלאנד־וועסטפאלען, און זייטדעם עקסיסטירען אין אלע גרעסערע יודישע געמיינדען אין



יוליאוס ליפערט.

דייטשלאנד א זעלכע פעראיינע וואס האבען די אויפגאבע, צו פערשפרייטען יודישעס וויסען און יודישע ליטעראטור.

דאס יובילעאים פון דיעזען פעראיין איז געפייערט געווארען אין א פייערליכען אופן אין דעם בענקנדער פון פעראיין איז איבערגערייכט געווארען א זילבערנע חנוכה־מנורה צום געשענק אלס אנערקענונג פון זיין טהעטיגקייט לטובה פון דעם פעראיין. דעם צווייטען יובילאר, ה' אסטערמאן, האט מען מכבד געוועזן מיט א זילבערנעם קידוש־בעכער און א שבת־לייכטער.

ראבינער דר. דאוויד פון באכים האט אנלעסליך פון יובילעאום ארויסגעגעבען א פעסטשריפט, אין וועלכער ס'ווערט געשילדערט די ענטוויקלונג פון פעראין.

# פורכטבארע קאטאסטראפע אין וועסט־אינדיען.

איבער גאנץ וועסט־אינדיען האט פאריגע וואכע געדערשט א שרעקליכער שטורם, וועלכער האט אנגע־ארבייטעט גרויסע חורבות און געפאדערט אונצעהליגע מענשליכע קרבנות.

בעזונדערס שטארק געליטען האט די צו אמעריקא געהערענדע אינזעלן יאמאיקא און האיטי, ווי אויך די דאמיניקאנישע רעפובליק. דארט זענען גאנצע שטעדט



אבעסינישע פאליטיק: נעגוס מענעליק.




א אייזענבאהן איבער'ן מעער: די אייזענבאהנפערבינדונג צווישען דער אינזעל ציילאָן און דעם אינדישען פעסטלאנד.

חרוב געוואָרען, שרעקליכע איבערשווימונגען האָבען דאָס לאַנד בעדעקט. שטראָסען און אייזענבאהנען זענען פערוואַשען און צערשטערט. בריקען אבגעריסען און די שטאַרקסטע געביידע ליגען אין טרימערהויפענס.

אויך אין די דאַרטיגע האַפענשטעדט האָבען די שיפען דורך דעם שרעקליכען שטורם שטאַרק געליטען.

צו דעם וואַלקאַנבראך, שטורם און די איבערשווימונגען איז אין האַיטי נאך צוגעקומען א שטאַרק ערדבעבען, וועלכעס האָט חרוב געמאַכט עטליכע גרויסע שטעדט. — דער שאַדען בעטרעגט שווערע מיליאָנען. נעהערע ידיעות וועלען ערשט קימען.

# א אייזענבאהן איבער'ן מעער.

דאס אידעאַל צו פערבינדען די בעשיידענע ערד־טהיילע, וואס זענען געטרענט דורך די גרויסע ימים, מיט אַ אייזענבאַהן, איז ביז איצט נישט ערייכט געוואָרען.

דאס איינציגע פראָיעקט, צו פערבינדען פראַנקרייך און ענגלאַנד מיט א אייזענבאַהן, וואס זאל זיך געפינען אונטער'ן „קאַנאַל־לאַמאַנש", איז אויך נישט צושטאַנד געקימען, און צוהאַר אוים פאליטישע גרינדע, ווייל די ענגלענדער האבען מורא געהאט עס זאָל נישט א מאל ביים קריענספאַל מעגליך זיין, פראַנקרייך זאָל איבערשוועמען מיט זיין ארמעע דעם ענגלישען קאנטינענט.

מיט דער צייט וועלען אויך אַלע דיעזע פראָיעקטע פערליערען זייער ווערטה, ווען מען וועט איינפיהרען דעם פערקעהר מיט לענקבאַרע ליפטבאלאנס און פליעה־אפאַראַטע.

לעת־עתה אבער איז דאס נאך נישט געשעהען און עס וועט נאך זיכער געדויערן א היבשע צייט, ביז דער וועלט־פערקעהר וועט זיך אָבשפיעלען אין דער ליפט.

די פראקטישע ענגלענדער ווילען איבערדעם נישט וואַרטען און זייערע אינזשענירע האָבען אויסגעפיהרט דאס ערשטע וואונדערפולע ווערק, צו בויען א אייזענבאהן איבער'ן גרויסען מעער.

די נייע באַהן געפינט זיך אין אינדיען און פער־בינדעט די אינזעל ציילאָן מיט דעם אינדישען פעסט־לאַנד. זי האט א לענג פון 80 קילאָמעטער און שטיצט זיך אויף מעהרערע קליינערע אינזעלן, וואס געפֿינען אויף דיעזער שטרעקע.

אט דיעזע קליינע אינזעלן האט מען מיט איינאַנדער פערבונדען דורך בריקען און וויאַדוקטען אויף וועלכע סליופט א אייזענבאַהנליניע — די ערשטע איבער'ן מעער.



דער עסטערייכישער קראָנפרינץ אין דייטשלאַנד: ערצהערצאג פֿראַנץ פערדינאַנד ביי דער יאַגד.

# פרוי שטיינהייל פריגע־שפראכען.

דער סענזאציאָנע'לע פראצעס געגען די פרוי שטיינ־הייל אין פאריז, וועלכע איז בעשולדיגט געווען, אז זי האט ערמאָרדעט איהר מאַן און איהר איינענע מוטער, האט זיך געענדיגט דאמיט, אז די געשווארענע דאכען סערניינט אלע פראגען און די אַנגעקלאַגטע איז פריינע־שפּראָכען געוואָרען. זי האט תיכף פערלאזט דאס גע־ריכטס־געביידע, אין וועלכען זי איז אבגעזעסען באַלד א יאהר אין אונטערזוכונג.

אויפגעקלערט איז די גאנצע אפערע הייך דעם פראצעס נישט געוואָרען, איבער 300 עדות זענען פאר־גערופען געוואָרען, אבער פאסט אַלע האבען זיך בע־שטרעבט, די אַנגעקלאַגטע צו ענטלאַסטען. די שענע פרוי האט נאך איצט אויף אַלע אויסגעזעהן א מערקווירדיגען צייבער און דאס האט איהר געהאָלפען, אויסצוקומען פריי, האָטשי די גאנצע וועלט איז איבערצייגט, אז זי איז יעדענפאלס נישט גאַנצען אונשולדיג.

# דער עסטרייכישער טהראָנ־פאלגער איז דייטשלאנד.

ערצהערצאָג פֿראַנץ פֿערדינאַנד, דער עסטרייכיש־אונגארישע טהראָנפאלגער און זיין געמאַהלין, די הער־צאָגין זאָפיע פון האהענבורג, האבען ריעזע וואָך אבגע־שטאַטעט א בעזוך דעם דייטשען קאיזער אין פאטסדאָם.

קאַיזער ווילהעלם האט זיינע געסט אבגעוואַרט ביים באַהנהאָף און דער עמפפאַנג איז געוועזען נאַר פריינדליך און פייערליך. אבענדס איז פאָרגעקומען אים קעניגליכען שלאָס אַ פעסט־מאהלצייט לכבוד די געסט. דעם אַנדערען טאג איז דער קאיזער מיט דעם ערצהער־צאג אַרויסגעפאָהרען פאַר דריי טעג אויף דער יאַגד, וועהרענד די הערצאגין איז געבליבען מיט דער קאיזערין און דער קאיזערליכער פאַמיליע, וועלכע פיהרען זי אַרום אין בערלין און ווייזען איהר אַלע זעהענסווירדיגקייטען פון דער דייטשער הויפטשטאדט.

דער בעזוך איז צוואַר א ריין פערזענליכער, אבער די גאַנצע פרעסע איז איינשטימיג, אַז ער האט אַ גרויסע פּאליטישע בעדייטונג. נעראַדע איצט, נאכדעם ווי איטאַליען האט זיך נע עהערט צו רוסלאַנד און אין־איינוועגס צו פראַנקרייך און ענגלאַנד, ווערד נאכאַמאל עפענטליך דאקומענטירט דאס שטאַרקע פריינדשאַפטליכע פערהעלט־נים צווישען עסטרייך־אונגאַרן און דייטשלאַנד דורך די אפטע בעזוכע צווישען די מיטגליעדער פון די רעגיע־רענדע הייזער אין דיעזע ביידע מלוכות.

די הערצאגין פון האהענבורג איז איצט צום ערשטען מאל אַרויסגעטרעטען אפיציעל אין די עפענטליכקייט.

# אים הארעם פונ'ם סולטאן.

## אריגינאל־ראמאן פון דער יונגסטער צייט.

(צוועלפטע פארטזעצונג *)

א צייט לאנג שטעהט ער נאך אויף זיין פלאץ. דערנאך ענטפערנט ער זיך און קאָהט מיט א שווער נעמיטה א היים.

די בעגריסונג צווישען פאטער און זוהן איז נאר א קאלטע. דער פאטער ווייסט, אז רעשאד איז א יונג־טירקע און איבערדעם זיין פאליטישער שונא. ער ווייסט אָבער אויך, אז רעשאד איז נעגוג ענערגיש און קאָנסעקווענט. ער זאל זיך נישט לאָזען אבטיהרען פון דעם וועג, וועלכען ער דערקענט פאר ריכטיג. און איבערדעם פרובט ער נאר נישט, מיט איהם צו רעדען וועגען די פאליטישע ענינים.

אויך זיינע איבריגע ברידער בעגריסט רעשאד נאר קיהל און וועקסעלט מיט זיי קוים עטליכע ווערטער.

דאנענען איז די בעגריסונג פון זיין ברודער האקי נאר הערצליך. ביידע פרייען זיך זעהר. וואס איצט וועלען זיי קענען צוזאמען ארבייטען לטובה פון זייער פאטער־לאנד.

האקי דערצעהלט רעשאד'ן, ווי ווייט די ארגאניזאציע פון די יונגטירקען איז שוין אויסגעברייט און אז זיי בעזיצען שוין אַזויפיעל אנהענגער צווישען די אפיציערע, אז זיי וועלען באלד קענען אנהייבען זייער ארבייט.

האקי בעמערקט אבער אין זיין ברודער א געוויסע אינרוהע און צערשטרייאונג.

— וואס איז דיר, ליעבע רעשאד? — פרעגט ער ערשטוינט — איך האב גערעכענט, אז די ידיעות וועגען אונזער היילינער זאך וועלען דיך מעהר פרייען...

— דו האסט רעכט! — ענטפערט רעשאד — אבער איך בין איצט בעהערשט פון א טיעפער אינערער ביטערקייט, וואס פערשטערט מיר יעדע שמחה...

— אהא, דו ביזט פערליעבט! — לאכט האקי — וואהרשיינליך האט דיר דארט אים אויסלאנד עפּיס א שפאנישע אדער א פראנצעזישע קאקאטקע פערדרעהט דעם קאפ!... איך האב קיין רעכט, מיך אריינצומישען אין דיינע הארץ־ענינים. אבער איך מוז דיר נאר זאגען, אז אין דעם איצטיגען מאמענט איז יעדער פון אונז מחויב, צו פערגעסען אין זיך זעלבסט און נאר צו דענקען אין דעם פאטערלאנד!...

— דו ביזט דיך טועה, ליעבער ברודער! — בעמערקט רעשאד ערנסט — נישט וועגען ליעבע האנדעלט זיך. איך בין נישט אזוי לייכטזיניג, אז איך זאל מיר לאזען פערדרעהען דעם קאפ פון אויסלענדישע קאקאטקעס... עס האנדעלט אבער טאקי וועגען א ענין, וואס איז נוגע צו אונזער פאטערלאנד!... זעה, מיר וויללען צערשטערען די אלטע פערפוילטע ארדנונג און איינפיהרען נייע סדרים אין דער טירקיי, און פאר אונזערע אויגען שפּילען זיך אב טאקי דא אין דער הויפטשטאדט פון אונזער פאטערלאנד די שרעקליכסטע זאכען... דא האנדעלט מען נאך מיט מענשען. דא אהער ווערען געבראכט אונשולדיגע קינדער פון דער גאנצער וועלט און מען פערקויפט זיי אלס סקלאווען פאר געלד דעמיענינען, וואס צאהלט מעהר; ווי די בהמות פיהרט מען זיי צום שלאכטהויז! דאס איז, האקי, ערגער ווי די גרעסטע קארופציע, ווי באקשיש, חאבאר און גנבות! דאס איז א פערברעכען, וואס שרייט צום הימעל — און אט אזא מין פערברעכען איז איצט געשעהען פאר מיינע אויגען און איך בין נישט געוועזען בכח, עס צו פערהינדערן! איצט קענסט דו שוין פערשטעהן מיין פערביטערט הארץ!

— דערצעהל מיר נאר אלע איינצעלהייטען פון דער זאך, אפשר וועלען מיר נאך קענען געפונען אַן עצה! — בעט האקי.

ווען רעשאד דערצעהלט איהם אלעס גענוי, וואס ס'איז פארגעקומען אויף'ן שיף, רופט האקי מיט פרייד:

— איך האב אן עצה, רעשאד! דער האפען קאמאנדאנט, קאפיטאן אחמעד סעלים, איז אונזער פריינד און א מיטגליעד פון אונזער צענטראל־קאמיטע: קום צו איהם, ער וועט טהון, וואס נאר מעגליך, כדי דאס אונשולדיגע קרבן צו בעפרייען!..

זיי פאהרען טאקי באלד צו איהם אריבער און דערצעהלען איהם די גאנצע מעשה.

— עס איז שוין אביסעל צו שפעט! — בעמערקט אחמעד סעלים — דאס שיף „עליסאוועטא" איז שוין אויסגעליידינט און אפילו ווען איך וועל דעם קאפיטאן פאררופען, וועט ער אונז אבלייקענען שטיין און ביין! אבער טראָצדעם וויל איך פרובען, אפשר וועט דאס דאך געלונגען עפּיס ביי איהם ארויסצובעקומען.

אחמעד סעלים קלינגט. באלד ערשיינט א זאלדאט, וועלכען ער איבערגיבט א שריפטליכען איינלאדונג צום קאפיטאן פון רוסישע שיף „עליסאוועטא", ער זאל באלד צו איהם קומען וועגען א וויכטיגען ענין.

דער קאפיטאן מיקאליי סערגיעוויטש קומט אין א האלבע שעה ארום. רעשאד, האקי און אחמעד סעלים האבען דערוויל בעשפּראכען אלע איינצעלהייטען, ווי אזוי זיי וועלען זיך נוהג זיין, אויב ס'וועט זיין מעגליך, צו ענטדעקען די שפור פון דעם אונגליקליכען מעדכען. דערנאך געהען רעשאד און האקי אין א צווייטען צימער, אחמעד סעלים ערווארט אליין דעם קאפיטאן.

נאך א קורצער בעגריסונג זאגט אחמעד סעלים:

— הער מיך אויס, מיקאליי סערגיעוויטש! דו קענסט מיך גוט און ווייסט, אז איך בין א גוטער ברודער. דו ווייסט אויך, אז איך בין זעהר א קארעקטער מאן און עס פאלט מיר נישט איין, דיר, אלס אויסלענדישען קאפיטאן, צו ערטהיילען אירגענד־וועלכע בעפעהלע. פון דער אנדערער זייט אבער ווייסט דו, אז אלס קאמאנדאנט פונ'ם האפען זענען אויך די אויסלענדישע שיפען אפט אנגעוויזען אויף מיין ענטקעגענקומען און פריינדליכקייט.

און איבערדעם בעט איך דיך איין זאך: דו זאלסט מיר מודיע זיין אלסדינג, וואס דו ווייסט וועגען דעם מעדכען, וואס איז פערפיהרט געווארען אלס „משוגענע" אויף דיין שיף! צווינגען דאצו קען איך דיך נישט — אבער אויב דו וועסט מיר נישט אויסזאגען דעם אמת, וועסטו ביי אַנ'אנדערער געלעגענהייט פיהלען מיין מאכט און מיין נקמה!

מיקאליי סערגיעוויטש בלייבט א צייט לאנג זיצען נישט־ענטשלאסען. א דערארטיגע זאך איז איהם נאך נישט פארגעקומען.

אבער ער ווייסט גאנץ גוט, אז די אויסלענדישע שיפען ברויכען אפט געוויסע געפעלינקייטען פון דעם האפען־קאמענדאנט און ער ווייסט אויך, אז אחמעד סעלים איז אַנ'ענערגישער מענש און מען טאר מיט איהם נישט שפאסען. ער ענטפערט איבערדעם:

— דעם אמת געזאגט, טאר איך אַזעלכע זאכען נישט מודיע זיין, ווייל דאס מוז בלייבען אַמטס־געהיימניס. נאר זעהענדיג, ווי זעהר ס'איז דיר דאראן געלעגען, וויל איך דאסמאל מאכען אַנ'אויסנאהמע און דיר אלסדינג זאגען, וואס איך ווייס.

דאס מעדכען איז בעשטימט פאר'ן „הארעם פונ'ם סולטאן" און איז אהער געפיהרט געווארען איבער בעשטעלונג פון דער גרעפין אלאבעקער, וועלכע בעשעפטיגט זיך מיט דער צושטעלונג פון יונגע דאמען צום הארעם.

דאס מעדכען געפינט זיך נישט מעהר אויף דעם שיף. איהרע בעגלייטער האבען זי שוין אראבגעפיהרט פון דארט און איך קען דיר נישט זאגען, וואו זי געפונט זיך איצט. נאר אזויפיעל ווייס איך, אז דאס קווארטיער פון דער חברה געפונט זיך אויף דער „אייזערנער גאס" אין דעם שטאדטפערטעל גאלאטא, נישט ווייט פון דער הויכער בריק. דארט וועסטו אפשר קענען נעהערעס געוואהר ווערען.

— איך דאנק דיר בעסטענס פאר דיעזער אויסקונפט — זאגט אחמעד סעלים און דריקט דעם קאפיטאן די האנד — איך בין איבערצייגט, אז דו זאגסט די וואהרהייט און קענסט ביי געלעגענהייט רעכענען אויף מיינע געגענדיענסטע.

דער רוסישער קאפיטאן געזעגענט זיך פריינדליך און געהט אַרויס. קוים האט זיך הינטער איהם געשלאסען די טהיר, ערשיינען שוין רעשאד און האקי אים צימער.

— מיר האבען הינטער דער טהיר אלעס געהערט, אחמעד סעלים — רופט רעשאד — און איצט ווייסען מיר שוין, וואס מיר האבען צו טהון... מיר פאהרען תיכף קיין גאלאטא, איבערפאלען דאס הויז און בעפרייען דאס קרבן...

— ניין, דאס וועט איהר נישט טהון! — אינטערברעכט איהם אחמעד סעלים — איהר מוזט וויסען, אז די פאליציי פון גאלאטא איז איינפערשטאנדען מיט די מעדכען־הענדלער, ווייל זי נעמט ביי זיי באקשיש. און זי וועט נאך מאכען שוועריגקייטען. קוים וועט איהר אבער פרובען געוואלט, קענט איהר מיאוס אריינפאלען. מען וועט אייך ערקלערען אלס רעוואלוציאָנערע און איהר קענט האבען א פסק, ווי שוין פיעלע פון אונזערע פריינד, וואס זענען פלוצים פערשוואונדען אין די טיעפעניששען פונ'ם באספארוס...

מיין עצה איז איבערדעם, איהר זאלט צוערשט טראכטען אריינצוקומען אין דעם הויז פון דער חברה דורך א שפעקולאציע, און אויב איהר וועט טרעפען דאס מעדכען, זאלט איהר פרובען מיט די לייט אונטערהאנדלען, אפשר וועלען זי זי ארויסגעבען מיט גוטען, פאר געלד.

ערשט אויב דיעזער וועג זאל נישט פיהרען צום ציעל, וועלען מיר מוזען זוכען אַנ'אנדערען וועג. צייט האבען מיר גענוג. ווען דאס מעדכען איז בעשטימט פאר'ן הארעם, וועט זי זיכער נאך עטליכע טעג זיצען ביי דער גרעפין אלאבעקער אים פאלאץ און אויך פון דארט קען מען זי שליעסליך ארויסבעקומען.

— דו האסט רעכט — זאגט רעשאד — קום, האקי, מיר וועלען פרובען אונזערע שפעקולאציעס.

זיי געזעגענען זיך פריינדליך מיט'ן קאמאנדאנט און געהען אוועק.

(פארטזעצונג קומט).

* נייע אבאנענטען ערהאלטען די פריהערדיגע פארטזעצונגען אויף פערלאנגען גראטיס צוגעשיקט.

# די יודישע וועלט.

## דער אדמו"ר פון דאמאטשעווא זצ"ל.

אין ווין איז נפטר געוואָרען, אין עלטער פון 48 יאהר, ר' אהרן לוי ראַבינאָוויץ ,זצ"ל, דער אדמו"ר פון דאמאַשעווא (גראָדנער גוב.).

דער נפטר איז געוועזען איינער פון די גרעסטע רביים אין דער ליטא, וואו ער האָט געהאַט זעהר פיעל חסידים. ער איז אויך גערעכענט געווען אַלס אַ גרויסער למדן און ירא־שמים. זיין פאטער איז געוועזען דער בעוואוסטער אין דער ליטא, ר' נח קאָברינער (דער מחבר פון ספר „אמרות טהורות") און זיין עלטערער ברודער איז דער בעוואוסטער רבי ר' דודל קאָברינער. די לעצטע צייט האָט ר' אהרן לוי שטאַרק געליטען פון אַ קראַנקהייט — ווי חסידים דערצעהלען איז איהם געקומען די שלאַפקייט פון צופיעל „עבודה" ביים דאַוונען — און איז געפאהרען קיין ווין אָפּעריערען זיך און איז אונטער דער אָפּעראַציע נפטר געוואָרען.

דער נפטר האָט איבערגעלאַזט פיעל האַנדשריפטליכע ספרים, שאלות ותשובות א"ג.

מיט זיין פטירה האָט די חסידישע וועלט אָנגעוואָרען איינעם פון די גרעסטע רביים און גרויסע לומדים. זכר צדיק לברכה.

## אַ סקאַנדאַל אין אָדעסער חברה קדישא.

זייט אַ צייט געהן אַרום איבער אָדעס קלאַנגען, אַז די פיהרער פון דער חברה קדישא האָבען אָבגעטהון אַנ'אונגעהערטע זאַך.

אַז מען פלעגט דאַרפען מקבר זיין אַ גביר און עס איז ניט געווען קיין געהעריגער פלאַץ פאַר איהם אָדער אַזוי צוליעב עקאָנאָמיע אין פלאַץ — פלעגט מען אויפגראָבען קינדערשע קברים, אָדער אַזוי קברים. אויף וועלכע עס זענען ניט געווען קיין מצבות, אַרויסנעהמען פון דאָרטען די האַלבצופוילטע ביינער און דאָרטען מקבר זיין די פרישע מתים. עס זענען געווען אַנדערע וואָס האָבען אפילו געזאָגט, אַז כדי מען זאָל איננאַנצען פערשיטען דעם שפור, פלעגט מען די ביינער פון די מתים פערברענען. די דאָזיגע קלאַנגען האָבען זיך אַזוי פערשטאַרקט, ביז די אָדעסער צייטונגען זענען אַרויסגעטרעטען און אָפען בעשולדיגט די אָדעסער חברה־קדישא. זיך דערוויסענדיג פון דער מעשה, האָט דער פאָרזיצענדער פון אָדעסער שולען־ראַט ל. מ. מרגלית אַוועקגעשיקט אַ בריעף צו די אויפזעהער פון 2־טען יודישען בית־עולם, אין וועלכען ער לעגט זיי פאָר זיי זאָלען אַנקלאַגען דעם רעדאַקטער פון „אָדעס. סלאַוואָ" פאַר רכילות אין דער פרעסע. אויב זיי וועלען עס ניט טהון, איז אַ סימן, אַז די מעשה איז ריכטיג, און זיי וועלען אָבגעזאָגט ווערען פון זייערע שטעלעס און וועלען אָנגעקלאָגט ווערען אין געריכט.

אַ חוץ דעם האָט ער פאָנאַנדערגעשיקט בריעף אַלע אָדעסער רבנים, אין וועלכע ער בעט זיי, צוליעב אַז דעם גרויסען חלול־הקדש וועלכער איז אַ גרויסע שאַנדע פאַר יודען און פאַר די רבנים — זיי זאָלען זעהן די זאַך אויסצופאָרשען און צושטעלען דער פערוואַלטונג די מאַטעריאַלען.

די אויספאָרשונג: וואָס מען האָט געמאַכט אויף אָדעסער בית־עולם, האָט אַרויסגעוויזען, אַז אַזעלכע זאַכען זענען פאָרגעקומען. מען האָט געפונען אַ קבר אויסגעגראָבען און די ביינער האָבען זיך אין די זייטען אַרומ־

נעוואַלגערט.... די יודישע בעפעלקערונג איז שטאַרק אויפגערעגט.

## אוועקגעריסען פון דער שמד.

אין ראַדאָם (רוסיש־פוילען) איז קירצליך ש'ער אויסגעבראָכען אַ פאָגראָם קעגען יודען.

פאַר דריי וואָכען איז דאָרטהין געקומען אַ יודיש מיידעל פון דער פראָווינץ מיט'ן צוועק זיך צו שמד'ן אין דעם דאָרטיגען קלויסטער.

פאַר צוויי וואָכען דיענסטאָג האָט געזאָלט פאָרקומען די טויפע. אין דעמועלבען טאָג איז געפאַלען דער קריסטליכער רעליגיעזער יום־טוב „זאַדושקי", ווען ביי די קריסטען איז אַ מנהג צו געהען אויף'ן צמענטאַרש אָנצינדען ליכט אויף די קברים. די נאָנעס פון קלויסטער האָבען דאָס יודישע מיידעל דאָרטהין מיטגענומען.

אַ קרוב פון'ם מיידעל, וועלכער האָט זיך דאָפון דערוואוסט, האָט געוואָלט בענוצען די געלעגענהייט, זי איצט צו בעפרייען. ער האָט זיך מיטגענומען עטליכע יודען און אָבגעוואַרט פאַר'ן צמענטאַרש. ווען דאָס מיידעל איז אַרויסגעקומען, זענען זיי צוגעלאָפען, זי אַ חאַפּ געטהון און אַ וועקגעטראַגען אין די יודישע גאַסען, וואו מען האָט זי בעהאַלטען אין אַ יודיש הויז.

די מעשה האָט שטאַרק אויפגערעגט דעם פערזאַמעלטען קריסטליכען המון־עם. מען איז די יודען נאָכגעלאָפען מיט'ן געשריי: „שלאָגט די יודען!" און באַלד איז אויסגעבראָכען אַ שרעקליך געשלעג. אין שטאָדט איז געוואָרען אַ גרויסע מהומה. יודען האָבען זיך בעהאַלטען אין די הייזער, די געשעפטען און די קראָמען זענען געשלאָסען געוואָרען. די שלעגעריי האָט אָנגענומען אַ שאַרפען כאַראַקטער. ס'זענען געפאַלען קרבנות פון ביידע זייטען. די פאָליציי האָט זיך אַריינגעמישט, אָבער מיט פיעל מענשען און מיט שווערער מיה איינגעשטילט די אויפרעגונג.

דאָס מיידעל האָבען די קריסטען דערוויל נישט אַרויסבעקומען, דער המון איז שטאַרק אויפגערעגט און די יודישע בעפעלקערונג לעבט אין גרויס שרעק. ווער ווייסט, צו וואָס דאָס קען נאָך פיהרען.

## באָיקאָטירט אַנ'אַנטיסעמיט.

— אין ליעדז, ענגלאַנד, האָט אַ רעסטאָראַטאָר פון רעקלאַמע וועגען אַרויסגעלאָזען אַ מודעה, אַז ער פערבאָט יודען צו בעזוכען זיין רעסטאָראַן. דער רעסטאָראַן איז איינער פון די גרעסטע אין ליעדז. ליעדזער יודען האָבען גלייך געענטפערט אויף דעם מיט אַ באָיקאָט פון זייער צד. די טעג האָט דער רעסטאָראַטאָר דערפיהלט דעם טעם פון יודישען באָיקאָט. אַ גרויסע פערזיכערונגס געזעלשאַפט, וועלכע בעשעפטיגט איינינע הונדערט יודישע אַגענטען, האָט די טעג געפייערט איהר יעהרליכען באַלאַנס, און האָט פעראַנשטאַלט אַ מיטאָג פאַר אַלע אַגענטען. אַלעס איז שוין געווען גרייט צום טיש, נאָר אין דער לעצטער מינוט האָבען זיך אַלע יודישע אַגענטען ענטזאָגט צו בעזוכען דעם אויבענדערמאָהנטען רעסטאָראַן, האָטש זיי האָבען אַלע געהאַט איינלאַדונגען. און די פערזיכערונגס־געזעלשאַפט האָט געמוזט דעם מיטאָג פעראַנשטאַלטען אין אַנ'אַנדער ערשט־קלאַסיגען רעסטאָראַן.

## דערהרג'עט אַ יוד ביי דער מערת־המכפלה.

א יודישער רייזענדער האָט געוואָלט אַריינגעהען אין „מערת המכפלה" אין חברון, איינגע פאַנאַטישע אַראַבער זענען איהם בעפאַלען, עס איז געוואָרען אַ געשלעג און דער יוד איז געפאַלען טויט. דעם טויטען קערפער האָבען די מערדער ערגעץ פערוואָרפען און מען ווייס ניט וואוהין. די יודישע קהלה פון שטאָדט האָט איהם געזוכט, נאָר ביז היינט נאָך ניט געפונען. דער חכם־באַשי האָט גלייך געפאָדערט פון מיניסטער פון אינערן ער זאָל בעשטראָפען די בעשולדיגטע. דער מיניסטער האָט גלייך וועגען דעם געגעבען טעלעגראַפיש אַ פעראָרדנונג צו דעם גובערנאַטאָר פון ירושלים.

## מינעראַליען אין ארץ־ישראל.

אין אַ קאָנסטאַנטינאָפּאָלער צייטונג איז די טעג געווען אַ געדרוקט אַנ'אַרטיקעל וועגען די מינעראַליען וואָס עס געפינען זיך אין דער ערד פון ארץ־ישראל.

דאָס איז זיכער. שרייבט דער אויטאָר פון'ם אַרטיקעל. אַז אין דער אומגעגענד פון טויטען ים (ים־המלח) געפינט זיך נאַפט־אוצרות.

דער געוועזענער פראָפעסאָר בלאַנקענהאָרן האָט נאָך מיט אַכט יאָהר צוריק, אויף'ן גרונד פון איינענע בעטראַכטונגען, אָנגעשריבען אַ ווערק וועגען עטליכע ערטער ביי'ם ים־המלך וואו עס זענען דאָ נאַפט־קוואַלען. נאָר זיי זענען ביז איצט נישט בעוואוסט געוואָרען, ווייל זיי געפינען זיך אין [illegible] ערטער, און איבערהויפט אין די שפּאַלטען צווישען די בערג.

קוואַלען פון נאַפט זענען דאָ אויף דרום־מערב און מערב קאַנטען פון דזשעבעל־סאָדום (סדום) און אַזוי אויך אין צפון־מערב־זייט פון ים־המלח.

אויב מען זאָל גוט אויספאָרשען די אַלע ערטער און אויספרובען צי דער נאַפט איז גוט קען זיך ענטוויקלען אַ נייער גרויסער מסחר אין גאַנצען לאַנד.

אויסער נאַפט געפינען זיך אין ים המלח פאַלגענדע כלאָרישע שטאָפען: קאַליום, נאַטריום, קאַלציום, מאַגנעזיום און שוועבעל־זויערעס מאַגנעזיום.

אַ גרויסע צוקונפט לעגט דער אויספאָרשער אויף די פאָספאַט־שטיינער. פאָספאַט שפּיעלט, ווי בעוואוסט אין דער היינטיגער לאַנד־ווירטשאַפט אַ גרויסע ראָליע אַלס אַנ'אויסגעצייכענט מיטעל צו מיסטיגען די ערד.

דער פאָספאַט־שטיין געפינט זיך אין ארץ־ישראל אין אַ גרויסע מאָס אין די בערג אויף מזרח זייט פון ירדן און אין די טהאָלען אויף מערב־זייט פון ירדן. אין מערב זייט ליעגט דער פאָספאַט אויף פיעל ערטער נאָר אָפען. אויף דעם יריחו־ירושלים'מער טראַקט געפינט זיך אַ שטיק ערד פון 150 ערטער פול מיט פאָספאַט.

אויסער דעם געפינט זיך אין פאַלעסטינאַ דער אַספאַלט־קאַלך, וועלכער געפינט זיך אין די מדבריות פון יהודה אין אַ גרויסער צאָהל. דער פאַלעסטינישער אַספאַלט קען איבערשטייגען אויפ'ן אייראָפּעאישען מאַרק, דעם איטאַליענישען און סיציליאַנישען אַספאַלט. מען זאָל אַריינפיהרען אַנ'איינגעאָרדנעטע אויסאַרבייטונג און אַרויספיהרונג אויפ'ן מאַרק. וואָרום דער פאַלעסטינישער אַספאַלט האָט אין זיך ביז 25 פּראָצענט באַרנשטאָפע און דער איטאַליענישער האָט נאָר ביז 15 פּראָצענט.

# אויף דער עלטער.

(סקיצע).

פרייטאג איז ביי דער אלטער חנה חיה דער ערנסטער טאג אין דער וואך. פרייטאג פיהלט חנה חיה אז זי איז נישט מעהר ריזעלבע בעל־הבית׳טע ווי א מאל; זי איז נישט מעהר ווי א אלטע יודענע, וואס האט אפילו צו קיינעם א ווארט זיך אויסצורעדען.

אמת, קיין טענות צום רבונו של עולם האט זי חלילה נישט דערפאר. פערקעהרט, זי דאנקט און לויבט נאך „זיין ליעבען נאמען“. וואס זי האלט אזוי ווייט. נישט מעהר אז זי נעהמט א טראכט טהון וועגען איהר לאגע. וואס פאר א בעל־הבית׳טע זי איז געוועזען פריהער און וואס זי איז אצינד, ווערט איהר א ביסעל פיקרע אויפ׳ן הארצען.

פארט. זי זאל נישט זינדיגען. גע׳בעל־הבית עוועט איבער א שטיב פון וועקס מענשען; זי מיט איהר חיים׳ל זאל זיין אבגעשיידט, און איהרע 4 קינדער זאלען געזונד זיין, געפיהרט א הויז אויף אלע איהרע ליעבע גע־זאגט. און אלעס איז אין איהרע הענד געלעגען; אי דאס בעל־הבית׳ישקייט אי די קינדערס פערמעגען... און חתונה געמאכט איהרע קינדער האט מען מיט׳ן גרעסטען כבוד. קיין שום קינד האט זיך חלילה אויף איהר נישט געהאט צו בעקלאגען, יעדעם קינד האט זיין נדן געקריגען, יעדעם קינד זיין אויסשטייער — און לעבט אויך בשלום אין נאטס וועלט. ווען זי האט אויסגעגעבען איהר יונגסטע טאכטער האט איהר שטארק באנג געטהון. אבגעטאנצט דעם לעצטען טאנץ חנה־חיה! האט חיים געשאקעלט מיט׳ן קאפ — דאס לעצטע פיינעלע פין דער נעסט ארויסגעלאזט! — האט חנה חיה צוגעזעצט.

און די אלטע האבען געווישט די טרעהרען. נאר געזינדיגט חלילה האט מען נישט. — געלויבט השי״ת — האט זיך חיים געטראכט — וואס מיר זענען ווערט גע־ווען דאס צו דערלעבען. — איך דאנק דיר און לויב דיר נאטעניו פאר דיין חסד — האט אויך חנה חיה צוגעגעבען.

און שטיל האבען טאטע־מאמע פון זייערע קינדער הענוג געשעפט אין שטוב. און די אלטע חנה חיה וואלט אזוי געקענט אבלעבען איהרע יאהרען אין נחת און אין פרייד. ווען נאט וואלט פלוצלינג איהר חיים׳ל פין דער וועלט נישט צוגענומען. „אצינד מאמיניו וועסטו זיין ביי מיר!“ האט יעדעם קינד בעזונדער זי גענומען בעטען — ס׳וועט דיר נאר נישט פעהלען. מאמוניו, מען וועט דיך האלטען ווי א אויג אין קאפ. — וויעפיעל עס איז דיר גור בעשערט צו לעבען מאמוניו — האט די יונגסטע טאכטער זיך געבעטען מעהר פון אלע — איך וויל די ואלסט זיין ביי מיר; מיט יערען ביסען וועל איך מיך מיט דיר טיילען... איבער אלעמען וועסטו ביי מיר די בעל הבית׳טע זיין... חנה חיה אבער האט נישט גע־וואלט.

— איהר זענט ביי מיר אלע טהייער — האט די אלטע מאמע געענטפערט — איך האב אייך אלע ליעב, אלע זענט איהר אונטער מיין בויך געלעגען. אלע האט איהר מיין ברוסט געוויגען — נור זיין וויל איך מיר בעזונדער. וויעפיעל עס איז מיר אנגעשריעבען פון אויבען צו לעבען, וויל איך מיר זיין בעל־הבית׳טע פאר זיך. האבען די קינדער פיר דער אלטער מאמע א עקסטער צימער געדונגען. און חנה היה איז בעל הבית׳טע פאר זיך, פיהרט זיך די אלטינקע איהר בעל־הבית׳ישקייט פינקט אויף דעם זעלבען שטייגער ווי ווען איהר חיים׳ל וואלט געלעבט. שטעהט אויף אין דער פ״יה, ווימט זי זיך צו איהר צימער. טהוט אן איהר שייטעל און נעהט מיט׳ן קויש איינקויפען. צו נעהן יעדען אין דער פריה מיט׳ן קויש איז שוין ביי דער אלטער אזא געוואהנהייט, אז אפילו זי האט נישט וואס צו קויפען ציהט עס זי שוין ווי א מאגנעט. נעהט זי ארום מיט איהר קויש אויפ׳ן האנד פון איין ווענעלע צום צווייטען, בעטראכט יעדע סחורה בעזונדער, קוקט זי זיך אן אויף די מציאות וואס מען קויפט, און בלייבט יעדעס מאל שטעהען נע־בען איין אנדער ווענעלע אזוי ווי זי וויל עפעס קויפען. „וואס קויפט איהר עפעס פרוי לעבען? פרישע אייער, ענגפטישע צוויבעל, בילינע?“... חנה חיה אבער ענפערט נישט. טהוט בלויז א לייכטען זיפץ און דאן א גרויסען נעניץ, א ציה מיט די אקסלען, און די טיעפע קנייטשען אויף איהר פנים רוקען זיך צוזאמען, זי טראכט אין זיך: נישטא פאר וועמען...

אנדערש אבער פיהלט שוין חנה חיה דאנערשטאג.

דאנערשטאג איז ביי איהר א טאג פון בעל־הבית׳טעווען, א טאג פון פארען זיך. דאנערשטאג שיקען געוועהנליך אלע קינדער צו דער אלטער מאמען געלד. זי זאל בעזארגען די נויטהינע זאכען אויף שבת. נעהמט חנה חיה ארום מיט׳ן קויש פון איין ווענעלע צום צווייטען, קוקט נאך מעשה בעל־הבית׳טע וועלכע סחורה ס׳איז בעסער און בעזארגט פאר יעדען קינד וואס מען בעדארף.

איבערהויפט האט זי פערגעניגען ווען זי קומט אריין צו איהר אלטען קצב ר׳ אבא. „ווי טייער לייזט איהר עופות?“ — גיט זי א פרעג — איך דארף האבען א פאר גוטע פונט פלייש און א פאר הינער... און אהיים געהענדיג, מיט דעם פולען קויש פלייש פיהלט זי זיך אז יעצט איז זי נישט די געוועהנליכע איינזאמע ווי תמיד. זי פערנעהמט יעצט עפעס א אנדער פלאץ אין לעבען! אזוי איז חנה חיה דעם גאנצען דאנערשטאגען טאג בעשעפטיגט, מאכט כשר דאס פלייש, האקט איין די פיש און אלעס איז פונקטליך בעווארנט, קומען צו געהען איהרע אייניקליך זאלען לעבען, יעדעם קינד שיקט זי איהר חלק!

דער ערנסטער טאג אבער איז פאר חנה חיה פרייטאג, נישט אזוי דער טאג, זאנדערן ווי דער פרייטאג צו נאכט׳ס. פרייטאג צו נאכט׳ס פיהלט זי אז זי איז עפיס א איבערגעבליבענער שרבען פון א צובראכענעם טאפ... חנה חיה זיצט אנגעטהון אין איהרע שבת דיגע מלבושים, און ווארט ביז דער שכן וועט קומען פון דעם דאוועגען, זי זאל הערען קידוש מאכען.

דאס גאנצע צימער איז דאן ווי אין א הייליגע שטילקייט, אויף דעם ווייס בעדעקטען טיש פינקלען צנועה׳דיג די בענשלעכט פון די אבגעפוצטע לייכטער. אונטער א רויט געבלומטעס טישטעכיל, מיט א אויפ־שריפט „שבת קודש“ ליעגען א פאר חלות; אין מיטען טיש שטעהט א פלעשעל ראזיענקע וויין — אלעס איז אנגעגרייט לכבוד שבת, אלעס זעהט אוים ווי עס ווארט דער בעל־הבית זאל דעריבער א ברכה מאכען.

פערשידענע מחשבות שווימען דאן אין חנה חיה׳ס מוח, יענע שעהנע פרייטאג צו נאכטען, יענע פרעהליכע שבתים... גלייך ווי זי זעהט איהר חיים׳ל, איהרע קינדער. אלע זיצען מיט דרך ארץ ביי דעם טיש, אלעס זעהט אוים פרעהליך, אלעס שבת׳דיג, און איבער אלעמען איז זי די בעל־הבית׳טע און איהר חים דער בעל־הבית... און איהר הארץ נעמט עפיס דאביי אזוי בענקען, אזוי ציעהען ווי עמיצער וואלט איהר נשמה מיט צאנגען געריסען...

פערטיעפט אין אזעלכע מחשבות, זיצט חנה היה אזוי לאנג, ביז זי דערהערט אז דער שכן איז שוין פונ׳ם דאווענען [illegible] זי טרוט דאן א טיעפען זיפץ, הענט זיך אויף, גיסט אן א קידוש־גלעזעל מיט וויין, און שטעלט זיך ראמיט הונטער דער טהיר קידוש הערען. ווי א אויטאמאטישע פיגור זעהט דאן חנה חיה אוים. זי שטעהט שאקעלט זיך, זאגט שטיל ווארט ביי ווארט און פון איהרע האלב אויסגעלאשענע אויגען בלישטשעט א טרעהר נאך א טרעהר.

פלוני אלמוני.

---

# יאפאנישע מעשה׳ליך.

I.

## דער „גלגול“.

(הומארעסקע).

### א.

אין די יאפאנעזישע דערפער ארום יאקאהאמא זענען די טיהרען און די פענסטער אין גאנצען אפען אין די זומער מאנאטען. איבערדויפט די טיהרען און טויערן פון די שאיערס און שטאלען. עס איז דארום קיין איבער־ראשונג אין יענע געגענד. ווען עס פאסירען גנבות פין די וואנדער־ער וועלכע געהען נאך יאקאהאמא צום טעמפעל פון בודדהא.

איין טאג — און דא פאנגט זיך אן די מעשה׳לע — ניט ווייט פון יעדא האבען צוויי יאפאנעזער־וואנדערער בעמערקט אז דער שאיער פון א פא־מער איז אפען. נאכדעם ווי דיזע צוויי וואנדערער, סאטא און נאטא, האבען זיך איבערצייגט אז דער איינגעטהימער איז אויפ׳ן פעלד מיט זיין פאמיליע, האבען ווי געוואר־פען זייער בליקען אויף א שעהן אייזעלע וואס האט געשמאק נעגעסען פון קארעטע.

— מיר וועגען פערקויפען דאס אייזעלע אין לאיאמא — האט געזאגט נאטא צו סאטא — און מיר וועלען זיך טהיילען מיט דעם געלד. ווי אימער.

— ניט אזוי גיך, פריינד — האט ערווידערט סאטא. וועלכער איז געוועזען פיעל קליגער — ווען מיר זאלען אזוי טאן, וועלען מיר אריינפאלען.

— ווי דען זאלען מיר טאן? לאמיר אלוא אוועק־פיהרען דעם אייזעלע אין ווייטיגע וועגען, דורך אונבע־קאנטע וועלדער ביז מיר וועלען דערגרייכען א ווייטען דארף ערגעץ. און דארט עס פערקויפען, און אזוי וועלען מיר אויסמיידען א בייזע בעגעגעניש.

— דאס איז לייכט צו זאגען — האט סאטא געשמייכעלט — איך האב א בעסערן פלאן, וואס איז פיעל מעהר זיכער; נעהם צוערשט אראב פון א יועלע זיין געשפאן ארום קאפ מיט די כינעזישע גלעקלאך. גיט, יעצט אז דו האסט עס אראבגענומען פון אייזעלע, קום אהער און דרעה עס ארום מיין איינענע האלז און קאפ. גוט, יעצט זעץ דו זיך ארויף רייטען אויפ׳ן אייזעלע, לויף און פערקויף עס אזוי ווייט ווי דו קענסט, איך וועל דא בלייבען, און מיר ביידע וועלען זיך שוין טרעפען מארגען אדער איבערמארגען, דו ווייסט שוין וואו.

און זיי האבען אזוי געטאהן.

### ב.

ווען דער איינגעטהימער איז געקומען צוריק פון פעלד געגען אבענד. און ער האט דערזעהן שטעהן אויפ׳ן פלאטץ פון זיין אייזעלע א מענשען מיט׳ן געשפאן פון אייזעלע, האט ער צו איהם געזאגט:

— ווער האט דיך אהער געבראכט און וואס האסטו דא צו מאכען ביי מיר?

דער גנב וועלכער האט געהאלטען זיין פנים אין קאַ־עטע האט איהם ערווידערט גאנץ געלאסען:

— דו איידעל׳ער סאמוראי פון ניפאן. הער אוים די שרעקליכע געשיכטע וואס עס האט פאסירט מיט מיר, זינדיגער מענש: איך האב געוואהנט אין האקענדאטע, און איך האב פערבראכט מיינע טעג אין טרינקען, אין שפיעלען. און אויסגעלאסענהייט. און איך האב געלעס־

טעג'ס אַלע מצוות וואָס דער היילינער בודרהאַ האָט אונז אנגעזאָגט. איך האָב נאָך דער צו געהאַט א שטיינערנע האַרץ אָהן רחמנות. איך האָב ניט מיט געפיהלט מיט דעם הונגער פון מיין חבר. איך בין געוועזען גלייכגילטיג ווען איך האָב געזעהן הונגעריגע הינט אָדער קעטץ אָהן אָהיים. איך האָב דאַרום אַרויסגעצויגען אויף זיך דעם צאָרן פון בודרהאַ וועלכער האָט זיך איין מאל בעוויזען צו מיר און אַזוי געזאָגט: „דו האָסט א פערפלעקטע נשמה וואָס איז צו נידריג אפילו פיר א בהמה. איך האָב אַלזאָ בעשלאָסען דיר צו בעשטראָפען, אבער איך וויל ניט דיר צונעהמען אין גאַנצען פון דער וועלט ווייל אין דיין יוגענד האָסט: אַמאָל געטאָהן איין קליינע מצוה אויך: דו האָסט אריינגענומען אין הויז א קליינע בלינדע קעטצעלע און איהר געהאַלטען ביז זי איז אויסגעוואַקסען. איך וועל דיר דאַרום בעשטראַפען מיט א לייכטע שטראָף. דו זאָלסט שוין מגולגל ווערען אין אן עזעל א צייט פון פינף יאָהר. — און ווי נור דער היילינער בודרהאַ האָט זיין שטראָף אַרויסגעזאָגט, האָב איך געפיהלט ווי איך נעהם אן אן אייזעלשען געשטאַלט. אַזוי האָב איך אַלס אייזעלע פערבראַכט פינף יאָהר. ווי עס איז געוועזען דער ווילען פון בודהאַ, און איך האָב געדיענט ביי צוויי מענשען. מיין ערשטער אייגענטהימער איז געוועזען א קאַרנער און שלעכטער מענש. מען האָט מיר געגעבען ווייניג עסען און א סך געשלאָגען. אַזוי האָב איך ביי איהם אבגעדינסטערט גאַנצע פיער יאָהר ביז בודדהאַ, האָט אויף מיר רחמנות געהאַט און מיר פערשאַפאַט א נייעם אייגענטהימער, און דאָס ביזטו גוטער מענש.

ביי דיזע ווערטער איז דער פּאַ־מער געוואָרען געריהרט ביז טרעהרען. און ער האָט ניט געצווייפעלט אין די ווערטער פון דעם אונגליקליכען גלגול אין אייזעלע.

— יאָ, דו האָסט מיר זעהר גוט בעהאַנדעלט — האָט דער גנב ווייטער פאָרטגעזעצט זיין רעדע — און דאַ־רום האָב איך ביי דיר אויסגעזעהן אַזוי שעהן או אַלע אייזלען האָבען מיר מקנא געווען. אה. ווען זיי וואָלטען אָבער געוואוסט דעם גאַנצען אמת וואָס פאַר אַ מין אייזעלע איך בין געווען. נאַ־נישט ווי ווי! ענדליך. די פינף יאָהר פון מיין אייזעלשען לעבען האָבען זיך גע־ענדיגט היינט. און איך האָף ניט מעהר צו זינדיגען. ניט מעהר צו נעהן אין שלעכטען וועג און בודדהאַ וועט ניט דאַרפען מיך ווידער בעשטראַפען מיט נייע גלגולים.

## ג.

דער פּאַרמער. וועלכער איז געווען א גוטער פרומער און לייכט־גלויבינער יאַפּאַנעזער, האָט מעהר ניט געוואָלט הערען קיין זאַך פון דעם אונגליקליכען. ער האָט איהם אבגעבונדען, האָט פון איהם אראָבגענומען דעם געשפאַן, האָט איהם אנגענומען פריינדליך פאַר'ן האַנד און האָט איהם אריינגעפיהרט אין הויז וואו ער האָט איהם געגע־בען עסען א גוטען מאַהלצייט פון געדייכערטע פיש, גע־בראַטענע פיש, מיט רייז און טהעע. ווען עס איז געקו־מען ביי נאַכט. האָט דער גוטהערציגער פאַ־מער איהם געגעבען פלאַץ צו שלאָפען אויף א ווייכען דיוואַן.

— [...] איז פאַר מיר א גרויסע עהרע צו העלפען א זינדיגען וועלכער איז בעשטראָפט געוואָ־ען פון בודהא אליין — האָט דער פאַרמער איהם בערוהיגט — און וועלכער איז שוין אָבגעקומען זיינע זינד און האָט חרטה, דו ביזט מיין גאַסט.

אויף מאָרגען פריה האָט דער איינענטהימער פון אייזעלע געוואונשען גליק זיין וואונדערבאַרען גאַסט. האָט איהם מיטגעגעבען שפייז אויף צוויי טעג. א־ך צוויי יענס געלד.

— איך וועל קיינמאָל ניט פערגעסען דיין גוטס־קייט צו מיר — האָט געזאָגט דער גנב ווען וו־שענדיג זיינע אויגען — און אײדער איך שייד זיך היינט פון דיר וויל איך דיר דאנקען נאָך אַמאָל וואָס דו האָסט פאַר מיר געטהון צוויי מאָ־. אלס אייזעל און אלס מענש. ווען איך בין געוועזען דיין אייזעל האָסטו מיר בעהאַנדעלט ווי בודרהאַ האָט געבאָטען, און יעצט אלס מענש האָסטו מיט מיר געטהון נאָך מעהר וויפיעל בודדהא הייסט. זאָלסט נאָך דיין טויט ניט דאַרפען וואַנדערען צעהן טוי־זענד יאָהר דורך צעהן מיליאָן הימלען, נאָ־ זאָלסט באַלד אַנקומען אונטער דעם שאָטען פון בודדהא אין נירוואַנאַ!

## ד.

אין א פאַאר מאָנאַט אַ־וּם האָט דער פּאַרמער געפיהלט די נויטינקייט צו האָבען ווידער אן אייזעלע, און ער איז אוועק אין דאַ־ף קאַטיאַ עם קויפען אויפ נאָר מעגליך. ווי ע־ איז נור אַנגעקומען אויפ'ן מאַ־ק איז ער איבערראַשט געוואָ־ען צו הע־ען אַ בעקאַנטע הירז־שעריי פון אַן אייזעלע.

— וואָס הער איך! — האָט ער געזאָגט צו זיך אליין — די הירזשעריי איז מיר אַזוי בעקאַנט. איז עס מעגליך אַז — — —

און דער פּאַ־מער האָט זיך געלאָזט געהן צום אָרט פון וואַנען דער אייזעלשער קול קומט. דער פּאַ־מער איז געבליעבען שטעהן ווי אבגענומען! ער האָט דער־קענט דעם זעלבען אייזעלע. אבער ווי ש־עקליך ער האָט אויסגעזעהן! מאָגער. שמוציג. איינגעפאַלען פונקט ווי דאַן ווען ער האָט עם צום ערשטען מאל געקויפט מיט פיער יאָהר צוריק.

דער פרומער גוטער יאַפּאַנעזער האָט אַ ווייל אָנ־געקוקט די מאָגע־ע בריאה, א־ן אויסגעש־יען:

— וואָס! האָסט שוין אַזוי גיך ווידער געזינדיגט, די אינגליקליכער! בודרהא האָט דיר ווידער געמוזט בע־שט־אַפען פאַר דיינע שלעכטע מעשים. האַ! ניין. מעהר קויף איך דיר ניט. איך וויל ניט האָבען ביי מיר א שכור, אַ שפּילער און אַ רשע.

## ה.

ווען סאַטאַ און נאַטאַ, די צוויי גנבים, האָבען זיך געטהיילט מיט דעם געלד פון [...] גנב'עטען אייזעלע, האָבען ווי די ערשטע זאַך בעזוכט אַ כוויק־שיינק וואו מען טרינקט ווין און וואו די ניישאַ־מיידלאך זינגען.

— מיר האָבען שוין לאַנג ניט אָבגעטהון אַ גוטע שטיקעל אַרבייט — האָט געזאָגט נאַטאַ — דו ביזט א קלוגער גנב.

— איך בין נאָר ניט אַזאַ חכם — האָט סאַטאַ זיך צולאַכט — נאָ־ איך ווייס פון ערפאַהרונג אז די לייכטעסטע זאַך צו גנב'נען איז נאָר אונטער דעם מאַנטעל פון רעליגיאָן. און מיט פרומקייט קען מען בערויבען די וועלט אונבעשטראָפט.

# באראָן ראָטהשילד אלס מחבר פון טהעאַטער־שטיקע.

אין פאַ־יז שטעלט מען יעצט פאַר די דראַמאַ „la rompe“ פון באראָן אַנ־י ראָטהשילד. די דראַמאַ האָט געהאַט אַ געוויסען ערפאָלג. אבער דאָס פובליקום אינטערעסירט זיך געוועהנליך נישט מיט דער דראַמאַ. נאָר מיט'ן „בעריהמטען“ מחבר.

אַז אַ באראָן, אַ מיטגליעד פון אַזאַ רייכע פאַ־מיליע, זאָל זיך פער־לוסטען ווערען אַ דראַמאַטורג. דאָס איז נאַטירליך נישט קיין געוועהנליכע ערשיינונג און דער־עולם איז זעהר פעראינטערעסירט געוואָרען. פריהער האָט מען גערעכענט. אַז דאָס איז פשוט אַ פאַנטאַזיע פון אַ באַ־אָן, וועלכען עס איז ווינציג די עשירות זיינע און עס ווילט זיך איהם נאָך כבוד אויך. אָבער דערנאָך האָט מען געמוזט מודה זיין. אַז די פיעסע איז געשריעבען טאַלאַנטפאָל און אין דער פרעסע האָט זיך אנגעהויבען אַ פּאָלעמיק. צו דאַ־ף מען גלייך פערשטעלען יעם וועג פאַ־'ן באַ־אָן־דראַמאַטורג, כדי ער זאָל נישט שאַדען אַנדערע שריפטשטעלער, אדער מען דאַרף איהם געבען אַ פּ־ייַען אײנטריט?

די פראַגע איז פאַר די שריפטשטעלער ווירקליך אַ וויכטיגע. פאַ־ געלד קאָן מען אַליץ בעקומען און אַ רייכער דראַמאַטורג קאָן אבקויפען די בעסטע טעאַטער־ען. קאָן אַליין גרינדען אַ צייטונג און בעקומען אַ איינפלוס אויף די טעאַטער־קריטיקער. קאָן ענדליך שטעלען זיינע זאַכען אַזוי רייך און אַזוי שיין. אַז קיין אַנדער־ער זאָל דאָס נישט קענען אויספיהרען. מיט איינעם וואָרט. ער קאָן אין זיינע הענד איינגעהמען די גאַנצע השפעה. די פריינד פון ראָטהשילדן פערזיכער־ן. אַז דער נייער מחבר וועט זיין אַ „גוטער ברודע־“. וועט זיך פיהרען קאָ־עקט און נישט קאָנקורירען מיט זיינע „חברים“. נאָר ערשטענס געהען קלאַנגען. אַז ראָטהשילד האָט צוגעצאָהלט דעם דירעקטאָר פון טהעאַטער 200 טויזענד פ־אַנק און אפילו ווען דאָס זאָל זיין נישט ריכטיג. בלייבט דאָך אַ פאַקט. אַז די קאָסטיומען און די זעלטען־רייכע דעקאָ־אַ־ציע איז געמאַכט געוואָרען אויף ראָטהשילדס חשבון און אַז די אַרטיסטען, וועלכע שפּיעלען אין זיין דראַמאַ די הויפּטראָלען. האָבען בעקומען: איינער אַ אויטאָמאָ־ביל אלס מתנה און די צווייטע אַ ב־יליאַנטען פינגעריל. וואָס וועלען יעצט טהון יענע דראַמאַטורגען, וועלכע נישט בלויז וואָס זיי קאָנען נישט געבען מתנות. נאָר מוזען אויך לעבען פון זייער האָנאָ־אַר?

בעזונדער צינגער זאָגען נאָך. אַז ראָטהשילד האָט די דראַמאַ אַליין נישט געמאַכט. נאָר אבגעקויפט ביי אַ ליטעראַט אַ קבצן. וואָס נויטיגט זיך שטענדיג אין געלד. דאָס איז ווייט פון אמת. ראָטהשילד לעבט שוין אַ יאָה־10 צווישען ליטעראַטען און דראַמאַטורגען. האָט שוין אַליין אנגעשריבען עטליכע זאַ־ען און אַז ער האָט טאַ־לאַנט. איז קיין צווייפעל נישט. די קריטיק בעציהט זיך ראָך צו דער פיעסע איינגעהאַלטען. דאָס רוב לויבען דעם מחבר. ווייל אנדערש קאָנען זיי נישט. נאָר דערביי מאַ־כען זיי געוועהנליך אויסרעכענונגען. ניבען אָנצוהערען. אַז ראָטשילד וואָלט גלייכער געמאַכט גוטע געשעפטען אויף דער בערזע. איידער אין ליטעראַטור. דאָס פובליקום קומט אויך פריהער מיט אונצוטרוי: מען נעהמט זעהען. וואָס האָט ראָטשילד געקאָנט זאָגען? אבער דערנאָך פערהאַפט די פיעסע איינגאַנצען דעם צושויער און מען מאַכט דעם אויטאָ־ נ־ויסע אוואַציעס.

וואָס אנבעלאַנגט דער פיעסע אַליין. איז איהר סוזשעט נישט איבעריג טיעף און אָריגינעל. נאָר איינ־צעלנע סצענעס זענען אנגעשריבען זעהר לעבעדיג. רעליעף און גלענצענד און מאַכען אַ שטאַ־קען איינדרוק. צווישען אַנדערע איז אין דער פיעסע אַרויסגעפיהרט אַ טיפ פון אַ רייכען באַראָן. וועלכער וויל פיהרען קאָנקורענץ מיט די ליטעראַטען און זיי ווייזען. אַז ער קאָן שרייבען קונסט־זאַכען אויך. דערביי איז דער באַראָן דוקא אַ יוד... דאָס רעכענט מען פאַ־ אַ חכמה'לע פון מחבר. וועלכער לאַכט אב פון זיך אַליין.

יעדענפאַלס האָט די פיעסע געמאַכט אַ גרויסען רעש און אַנ־י ראָטשילד האָט שוין זיינע מיליאָנען אַוועקגעלעגט און רעכענט זיך פערנעהמען איינגאַנצען מיט קונסט. נאָר דערביי וועט ער לעבען פון דער רענטע פון זיינע מיליאָנען. וועלכע ווענען זעהר נ־ויס... הלואי אויף אַלע יודישע מחברים געזאָגט!...

---

# די פּאָליטישע לאַגע.

די פּאָליטישע סיטואַציע אין עסטערייך איז נאָך אַלין נישט געקלערט. די געפאַהר. אַז דער פּאָלען־קלוב וועט זיך אַנשליעסען צו דער „סלאַווישער אוניאָן“. אַזוי ווי די פּוילישע פּאָלקספאַ־טיי און איהר פיהרער סטאַפּינסקי האָבען פערלאַנגט. און דאַדורך וואָלט די שטעלונג פון איצטיגען מיניסטעריום געוואָרען אונמעגליך — דיזע געפאַהר בעשטעהט צוואַר נישט מעהר. נאָכדעם ווי דער קאַיזער האָט צו זיך בערופען דעם פּאָליטישען לאַנדסמאַן־מיניסטער דר. דולעמבא און געאַי סע'ם דעם וואונש, אַז דאָס איצטיגע מיניסטעריום זאָל בלייבען אויף זיין שטעלע. אָבער טראָצדעם איז די קריזע נישט ווייניגער שווער ווי פריהער. וועדער די טשעכען נאָך די דייטשע ווילען עפּיס נאָכגעבען. דאָס פּאַרלאַמענט איז נישט פעהיג צו קיין שום פּאָזיטיווער אַרבייט און אויב די רעגירונג וויל זיך נישט האַלטען מיט'ן פּאַראַגראַף 14. בלייבט קיין אנדערע ברירה ווי אַז באַראָן ביענערט זאָל דעמיסיאָנירען. די טשעכען פערלאַנגען נעמליך דיזען קרבן און אַ נאַנדערן מיניסטער וואָלטען זיי שוין אַלעם בעווילינט מען רופט אויך שוין אין דעם נאָמען פון קינפטיגען מיניסטער־פּרעזידענט און צוואַר דעם ביז־העריגען אונטעררכטס־מיניסטער גראַף שטירנקה. —

לעת־עתה אָבער זענען דאָס אַלעס לויטער פֿערמוטהונגען און השערות. — וואס ווירקליך וועט זיין, ווייסט קיינער נישט.

* *

דאַנקען זעהט עס אויס, אַז אין אונגארן וועט די קריזע באַלד געענדיגט ווערען.

די הויפּטשוויעריגקייט, אַז די אונאַבהענגיקייטס־פּארטיי האָט ביז איצט געהאַט די מאַיאָריטעט אים רייכס־טאג און האָט פֿערלאַנגט, אַז מען זאל איהר אַליין איבער־געבען די רעגירונג. וואצו דער קאיזער וויל זיך נישט ענטשליעסען. איז איצט בעזייטיגט — די אונאַבהענגי־קייטס־פּארטיי האָט זיך אפּיציעל געשפּאלטען: 120 מיטגליעדער זענען געבליעבען מיט יוסטה, בערך 100 האָבען געבילדעט מיט קאָסוטה א נייע קאָסוטה־פּאַרטיי. יוסטה האָט געמוזט רעזיגניערען פֿון זיין שטעלע אַלס פּרעזידענט פֿון רייכסטאַג און אויף זיין אָרט איז געוועהלט געוואָרען דער קאָסוטהיאַנער נאַל. איצט עקסיסטיערט שוין די מעגליכקייט, צו בילדען א נייע קאָאַליציאָנס־רעגיערונג, ווייל די דריי פּארטייען: פֿערפֿאַסונגס־פּאַרטיי, פֿאָלקס־פּאַרטיי און קאָסוטה־פּאַרטיי, צוזאַמען פֿערפֿינגען איבער'ן רוב פֿינ'ם פּאַרלאַמענט. די יוסטה־פּאַרטיי דראָהט צוואַר מיט אָבשטרוקציע, אָבער אַזוי ווי איהר אַנהאַנג אים לאַנד איז גאָר שוואַך, וועט זי נישט קענען אַלעס אויספֿיהרען און מיט א ביסעל געדולד וועט מען קענען די נויטהווענדיגסטע געזעצע דורכבריינגען אין דערנאָך אויפֿ־לעזען דעם רייכסטאַג. ביי נייע וואהלען ווידער וועט די יוסטה־פּאַרטיי וואַהרשיינליך מעהר געשוואַכט ווערען.

דער קאַיזער האָט אויך דיעזען זאַנטאַג ווידער עמפּפֿאַנגען די אונגאַרישע מינסטער וועקערלע, אַנדראַסי אונד קאָסוטה אין אודיענץ. עס הערט זיך אַז ער איז גרייט, צו געוועהרען געוויסע מיליטערישע קאָנצעסיעס, אָבער דאַפֿאַר זאל דאָס באַנקפּריווילעגיום ערנייערט ווערען און אין ווירטהשאַפֿטליכער בעציעהונג זאל אַלעס בלייבען בי'ם אַלטען, און דער שפּיצע פֿון דער נייער רעגיערונג זאל טרעטען גראַף אַנדראַסי, ווייל דר. וועקערלע פֿיהלט זיך מיער און אָבגעשפּאַנט. מען רעכענט, אַז די קריזע וועט קינפֿטיגע וואָך ווערען בעענדיגט.

* *

אין דער ענגלישער, רוסישער און עסטרייכישער פּרעסע האָט זיך אויפֿ'ס ניי אָנגעהויבען א ויכוח וועגען דער אַנעקסיע פֿון באָסניען־הערצעגאָווינאַ. אָנגעהויבען האָט איזוואָלסקי, אינספּירירענדיג אין א ענגלישער צייטונג א אַרטיקעל, וועלכער האָט כלומר'שט געשילדערט די געשיכטע פֿון דער אַנעקסיע און בעשולדיגט דעם גראַף עהרענטהאַל, אַז ער האָט אָבגענאַרט איזוואָלסקי'ן און אהן זיין וויסען אַלעס אָבגעטהון. עהרענטהאַל לאָזט דאַרויף ערשיינען א אינספּירירטע אַנטוואָרט, אין וועלכער עס ווערד בעהויפּטעט, אַז אדרבה, איזוואָלסקי האָט פֿריהער געוואוסט פֿון דער אַבזיכט וועגען דער אַנעקסיע און האָט נאָר נישט איינגעווענדעט. ער האָט אפֿילו נאָך געוואָלט מסכים זיין צו דער אַנעקסיע פֿונ'ם סאַנדשאַק נאָווי־באַזאַר, ווען עהרענטהאַל זאל צושטימען צו דער ערעפֿנונג פֿון די דאַרדאַנעלען פֿאַר רוסישע קריעגסשיפֿען. די פּעטערסבורגער טעלעגראַפֿען־אַגענטור לייקענט אָבער אָב דיעזע ידיעות און די רעדאַקציע פֿון דער „נאָוואָיאַ וורעמיע", איינע פֿון די וויכטיגסטע רוסישע בלעטער, ווענדעט זיך צו עהרענטהאַל מיט א טעלעגראַפֿישער אַנפֿראַגע, וועד ס'זאָגט אמת. עהרענטהאַל ענטפֿערט, אַז וועגען דיפּלאָמאַטישע ריקזיכטען קען ער נישט אַלעס פֿערעפֿענטליכען. נאָר אַזויפֿיעל איז אמת, אַז פֿאַר דער אַנעקסיע איז פֿאָרגעקומען א פֿריינדשאַפֿטליכער געדאַנקענאויסטויש צווישען עסטרייך־אונגאַרן און רוסלאַנד וועגען דיעזער אַנגעלעגענהייט. דאַפֿון איז צו זעהען אַז טהאַטזעכליך האָט איזוואָלסקי געוואוסט, וואָס ס'געהט פֿאָר. אין דער רוסישער פּרעסע ווערד איצט איזוואָלסקי אָנגעגריפֿען וועגען דעם און מען ערוואַרט מיט שפּאַנונג זיין בעפֿאָרשטעהענדע רעדע אין דער דומאַ וועגען דער אייסערער פּאָליטיק. וואו ער וועט מוזען רעכטפֿערטיגען זיין פּאָליטיק אין דער באָסנישער אַנגעלעגענהייט.

* * *

דיעזע טעג איז דאָס טירקישע פּאַרלאַמענט ווידער ערעפֿענט געוואָרען, דער סולטאַן איז ערשיענען אים פּאַרלאַמענט און אין זיין נעגענוואַרט האָט דער גראָס־וועזיר פֿערלעזען די טהראָנרעדע, אין וועלכער עס ווערד מיטגעטהיילט, אַז די טירקיי לעבט בשלום מיט אַלע מעכטע, אַז די פּאָליטישע פֿערהעלטניסע אים לאַנד האָבען זיך געבעסערט און אַז די איינפֿיהרונג פֿון דער אַל־געמיינער מיליטערפֿפֿליכט אין דער טירקיי וועט שטאַר־קען דעם פֿערבאַנד צווישען די איינצעלנע נאַציאָנאַליטע־טען און דעם געזאַמטרייך. — צום פּרעזידענט פֿון פּאַר־לאַמענט איז ווידער געוועהלט געוואָרען דער יונגטירקע אחמעד־ריצא. — עס זעהט אויס, אַז דאָס איצטיגע מיניסטעריום וועט זיך נישט לאַנג האַלטען אויפֿ'ן אָרט און ס'וועט דאָרט באַלד איינטרעטען א מיניסטער־קריזע.

* * *

אויך דאָס פּערזישע פּאַרלאַמענט איז דיעזען מאָנ־טאַג ערעפֿענט געוואָרען אין געגענוואַרט פֿונ'ם שאַה. דעם רעגענט, די גייסטליכע און די דיפּלאָמאַטישע פֿער־טרעטער. דער מיניסטערפּרעזידענט סיפּאַהדאַר האָט פֿער־לעזען די טהראָנרעדע, אין וועלכער ס'ווערד אויסגעדריקט די האָפֿנונג, אַז די מיטגליעדער פֿון פּאַרלאַמענט וועלען זיך ערווייזען ווירדיג פֿאַר דער אַזוי שווער ערקייכטער פֿרייהייט און וועלען דורכפֿיהרען די נויטהיגע רעפֿאָרמען אים לאַנד. — לעת־עתה הערשט אין געוויסע געגענדען פֿון פּערזיען א שטאַרקע רעאַקציע. די אַנהענגער פֿונ'ם אַלטען שאַה זאַמלען זיך און ווילען צוריק איינפֿיהרען די אַלטע אָרדנונג. אין פֿיעל ערטער איז עס שוין געקומען צו בלוטיגע צוזאַמענשטויסען צווישען ביידע פּאַרטייען. די צענטראַל־רעגיערונג איז צו שוואַך, צו קענען האַלטען די אָרדנונג אים גאַנצען לאַנד.

* *

אין אינדיען הייבען זיך ווידער אָן טעראָריסטישע אַקטען. דיעזע טעג איז געוואָרפֿען געוואָרען א באָמבע אויף דעם וואַגען, אין וועלכען ס'איז געפֿאָהרען דער ענגלישע אָבערקאָמאַנדאַנט מיט זיין פֿרוי. דעם וואָגען איז גאָר נישט געשעהען, ווייל די באָמבע האָט עקס־פּלאָדירט עטליכע שריט צו ווייט. דער אַטענטעטער איז פֿערוואונדעט געוואָרען.

* * *

קעניג מאַנועל פֿון פּאָרטוגאַל אונטערנעמט איצט רייזען צו זיינע שכנים און בעפֿרייגדעטע רעגיערונגען. צוער־שט איז ער צוזאַמענגעקומען מיט'ן שפּאַנישען קעניג. איצט איז ער געפֿאָהרען קיין לאָנדאָן צום בעזוך פֿון ענגלישען קעניג און צולעצט וועט ער בעזוכען דעם פּרע־זידענט פֿאַלליעה פֿון דער פֿראַנצויזישער רעפּובליק. — פֿון ענגלאַנד וועט ער זיך אפשר מיטברענגען א כלה.

## פּרייז־רעטהזעל.

פֿון די אותיות: בב ההה וווו חח ט ייי ככ ללל מ ננג סס פּ ק

זאָלען צוזאַמענגעשטעלט ווערען פֿאָלגענדע 7 ווערטער:

1) א יודישער שטאַאטסמאַן.
2) א יודישער נעגנער.
3) דער פֿאָטער פֿון דעם ערשטען.
4) א סירישער פֿעלדהערר.
5) א ביבלישער נאָמען.
6) איינער פֿון די מרגלים.
7) א נביא.

די ערשטע אותיות פֿון דיעזע ווערטער ערגעבען א וויכטיג ערייגניס אין דער יודישער געשיכטע.

די אויפֿלעזונגען זענען אַריינצושיקען שפּעטעסטענס ביז 14 טעג.

צווישען די ריכטיגע אויפֿלעזער ווערד געלאָזט און בעקומען די ערשטע 4 פֿאָלגענדע פּרעמיעס:

ערשטע פּרעמיע: א האָבעלעגאַנטען גוט־געהענגרען סאַלאָן־טיש־וועקער (פֿון דער בעקאַנטען אוהרען־גאַלד־זילבער־וואַרען פֿאַבריקס־ניעדערלאַגע סאַלא שייער, וועלכע האָט איצט דאָס בעקאַנטע געשעפֿט אונטער דער פֿירמאַ פֿאַס עט וויסליין, קראַקאַ, סט־אַדאַם 5 איבערגע־נומען. שפּעציאַליסטען אין אַמעריקאַנישע דובלעקעטען מיט מאַרקע K. J.).

צווייטע פּרעמיע: א ניי־זילבערנעם חנוכה־לייכטער.

דריטע פּרעמיע: א גאַנץ געדיכטע פֿון אברהם רייזען.

פֿיערטע פּרעמיע: צוויי היסטאָרישע ראָמאַנע „דוד שפּירא" און „דון יוסף הנשיא".

## רעטהזעל־אויפֿלעזונג.

די אויפֿלעזונג פֿון רעטהזעל אין נו' 43 איז:

פֿראַנקרייך, ירושלים, רוים, ספרה, טבריה, איטאַ־ליען, יהודה, טאַלערא, אינדיען.

די ראשי־תיבות פֿון די ווערטער ערגעבען דעם נאָמען

## „פֿירסט איטא".

ריכטיגע אויפֿלעזונגען האָבען איינגעשיקט: בעריש פֿריעדלענדער, וויסענבערג ביי לעמבערג, פּ־ץ יאַמפּעל, סקאַלאַט, מאיר לייבוש נייִמאַן, לאָדז, שרגא שפּינל, גייסאַנדעץ, צבי לאַנדא, פּאָסקי, בערנאַרד גאָלדשטיין, טאַרסקיע, בעריל קאַץ, מיקולינצע, שבתי סגל, סאָדאָ־גורא, חיים גרויבשטיין, טאַרסקיע, אברהם שלאָף יון, וויעלקי־אָטשי, יעקב יוסף איזען, באַלינדאָר, אהרן ראָזענ־בליטה, לאַנצוט, יוסף גאָלדמאַן, לאַנצוט, הערמאַן סעגאַל, פּאָדוואָלאָטשיסקא, יהושע מאָוטס, סאַנאָק, אברהם און רחל שפּירא, בוטשאַטש, יעקב מאיר טרייביטש, טאַרסקיע.

## תקון־טעות.

אין דער אויפֿלעזונג פֿון פּרייז־רעטהזעל אין נו' 44 בעדאַרף זיין אַנשטאַט „פּאַריז" „פּסח".

## קינה

על ב"ר שמחה, במותו לשנת עשרים וחמשה לימי חייו.

שמחה, שמחה! במותך לפתע פתאום הפכת—כנינור
לטבעך—כלנו לאבלים...
מי יוכל להאמית אותו, כי כבר נוע אתה ואינך;
חק ומשפט אמנם, כמת להשתכח מכרחים
הוי ואבוי; אך זכרך לא ימוש מקרב לבבנו לנצח.

פּאָרליפּצע. יצחק וויניצער.

## נאָטיצען.

דער איינציגע פּעהלער דער שוואַנענזייפּע (שיכט'ס פֿעסטע קאַליזייפֿע) איזט דאַסס זיע צו גוט אונד צו אויסגיביג איזט! ניעמאַנד וויל עס גלויבען, דאַסס איינמאַלינעם איבערשטרייכען מיט שוואַנזייפֿע 4 — 3 מאַלינעם איבערשטרייכען מיט אַנדערער זייפֿע ערזעצט. וויל מאַן מיט דער זייפֿע שפּאַרען, דאַרף מאַן זיע ניכט אים וואַססער ליעגען לאַססען. — דאַ שוואַנזייפֿע אויך אין קאַלטען וואַססער פֿאָללקאָממען ווירקזאַם איזט, איגט זיך דאַהער אויך אין קאַלטעם וואַססער זעהר לייכט לאָזט, איזט ביי איהרער פֿערווענדונג דאָפּפּעלטע שפּאַרזאַמקייט צו עמפּפֿעהלען. — ביי פֿערנינפֿטיגעם געברויך איז שוואַנ־זייפֿע יעדענפֿאַללס ניכט נור דיע בעסטע, זאָנדערן אויך דיע בילליגסטע זייפֿע.

„די וועלט" אַלס טאַגעבלאַט. וועהרענד דעם IX. ציוניסטען־קאָנגרעסעס אין האַמבורג, דער בעקאַנט־ליך פֿאָם 26 ביז 30 דעצעמבער א. ק. שטאַטפֿינדעט, ווירד איינע טעגליכע קאָנגרעסס־אויסגאַבע דעם ציוניסטישען צענטראַלאָרגאַנעס „די וועלט" ערשיינען, דיע איינציג אויטהענטישען אונד אומפֿאַססענדען בעריכטע איבער די קאָנגרעס־פֿערהאַנדלונגען פֿערעפֿענטליכען ווירד. דען רעגעלמעססיגען בעציעהערן דער „וועלט" ווירד דיעזע קאָנגרעס־אויסגאַבע טעגליך קאָסטענלאָז צוגעזאַנדט ווערדען. אויסערדעם ווערדען ספּעציעלע אַבאָנעמענטס פֿיר די אויסגאַבע ענטגעגענגענאָממען. נעהערעס היעראיבער איס אַנצייגענטהייל דער היייטיגען נומער.

## Nadesłane.

Dział Inseratowy „Żydowskiej Gazety Ilustrowanej“ objęło biuro reklamowe i anonsów „Prinzipia“ w Krakowie ul. św. Marka 21. i do tej firmy należy się zwracać we wszystkich sprawach inserowania w powyższem piśmie.

Die Inseratenabteilung der „Jüdischen Illustrirten Zeitung“ hat das Anoncen und Reklamen-Bure u „Prinzipia“ Krakau, Markgasse 21. übernommen, zu welcher sich die P. T. Inserenten in aller Insertionsangelegenheiten wenden wollen.

## קאטאלאג
### פֿון די אינטערנאציאנאלע ביבליאָטהעק ניו־יארק.

**ביכער פון פיליפ קראנץ:**

קולטור געשיכטע, 1־טער באנד, געבונדען 3.75
" " 2־טער " 3.75
" " 3־טער " 3.75
" " 1־טער " בראָשירט 3.—
" " 2־טער " " 3.—
" " 3־טער " " 3.—
פראנצויזישע רעוואָלוציאָן, געבונדען . . 3.75
" " בראָשירט . . . 3.—
אַמעריקא פאר קאָלומבוס, געבונדען . . 2.50
יציאת מצרים . . . . . . . . . —.75
וואָס הייסט נאציאָ . . . . . . . . —.50
אַריסטאָטעל ביאגראפיע —.50
ברוך שפינאזא " —.75
שבתי צבי " —.75
יאָזעפוס פלאו יוס " —.75
בר כוכבא " —.75
לעסינג און מענדעלסאָהן " 1.25
די פאַמיליע ראטהשילד " —.75
דון יצחק אברבנאל " —.75
מאָהאָמעד " —.75
מעיערבעער " —.75

**שריפֿטען פון מאר"דים ראזענפעלד:**

ערשטער באנד, פאעזיע, געבונדען . . . 5.—
צווייטער " " " . . . . 5.—
דריטער " פראזא " . . . . 5.—
הייגריך הייגע, ביאָגראפֿיע . . . . . —.75
יהודה הלוי " . . . . . . —.75
ד. פינסקי, ערצעהל־נגען, ערשטער באנד 2.50
" " צווייטער " 2.50
" " אייזיק שעפטעל, דראמא —.75
" " זרבבל . . . . . . . . —.25
דר. קאָספע, מעכאניקע . . . . . . —.50
" כעמיע . . . . . . . . —.75
" אבטראָנאָמיע . . . . . —.75
יהואש, געזאמעלטע ליערער, געבונדען 5.—
י. נארדין, ערצעהלינגען . . . . . . 2.50
" " גאָט, מענש און טייוועל, דראמא . . . . . . . . . 1.25
" " סאפפהא " 1.25
" " אלישע בן אבויה " —.75
" " דער אונבעקאנטער " 1.—
" " די אמתיע קראַפט " 1.—
" " וואלטער, ביאָגראפיע . . —.50
מאקסים גארקי, ערצעהלונגען . . . —.75
" אינטערוויוס . . . . —.75
ליעוו טאלסטאי, איינציגער מיטעל . —.25
" " פאטריאָטיזמוס און רעגירונג . . . . . —.25
" " צום ארבייטער פֿאָלק —.75
דר"ח. זשיטלאווסקי, דער סאָציאַליזם און די נאציאָנאַלע פראַגע . . . . 2.—
דר. י. מעריסאָן, מילל'ס פֿרייהייט, געבונדען . . . . . . . . . . . 3.75
בראָשירט . . . . . . . . . . 2.50
ז. ליבין, געקליבענע סקיצען . . . . 2.50
מ. בארנאָוו, דער מענש אין די נאַטור —.50
ח. אלעקסאנדראָוו, טאָלסטאי, ביאָגר. —.50
ב. פיינענבוים, רמב"ם " —.50
מ. ווייערניק, רב סעדיה גאון " —.50
" דער ווילנער גאון " —.50
מ. פרומקין, ר' ישראל בעל שם־טוב " —.50
ר. מ. הערמאלין, יצחק בער לעווינזאהן, ביאגראפיע . . . . . . . . —.75
לעאָפ. קאמפף, פֿאַר'ן שטורם, דראמא 1.—
העגריק איבסען, די גייסטער " 1.—
„קניאז פאטיאָמקין" . . . . . . . . 1.—
דר. ש. פעסקין, סטרייקס . . . . . —.25

די פרייזען זיינען אין קראָנען.

דיעזע אַלע ביכער זיינען צו בעקומען אין אללע בוכהאנדלונגען.

---

## עפילעפסיע.

ווער עס אָן פֿאַלזוכט, קרעמפפען א. אנדערע נערוועזען צושטענדען ליירעט, פערלאַנגע בראשירע דאריבער. ערהעלטליך גראַטיס אונד פֿראַנקאָ דורך די

**Privil. Schwanen-Apotheke.**

**Frankfurt a. M.**

---

# Rehgeweihe

Hirsch

u. s. w. suche ich zu kaufen. Offerten mit Preis unter „DB" 378 an **Rudolf Mosse, Dresden.**

---

די פערטרעטונג פיר טארנאָוו פֿון דער „ניו־יארקער אונטערנאַציאָנאַלער ביבליאָטהעק" האט איבערנומען די פירמא:

**SALAMON NEUMAN**

**Buchhandlung, TARNOW.**

אילוסטרירטע קאטאלאָגען גראטיס און פראנקא

---

## Zakład wodoleczniczy

i sanatoryum specyalnych chorób nerwowych

**Dra Kupczyka,**

**Kraków, ul. Szujskiego 11.**

---

## וויכטיג פיר ווינטערנעכטע?

זייט איניגען יאָהרען ליעפֿערע איך געזעטצמעסיג געשיטצטע שפיעלקארטען, זאָגענאַנטע „אָקא" „יאַפקעס" אנגעפאנגען פאן 13 ביז 20, „שעל, ראטה, גרין, אייבעל", ענטהאלט 32 בלאַטט אויף קלאבער עט דערדיל עטצ. אין און 24 בלאט ביר אויף פערביל, איינצנע אויסגאבע, זעהר שען אויסגעפיהרט צו זעהר מעסיגע פרייזען. מוסטער ווירד ניכט געזענדעט. ווידערפערקייפער ערהאלטען ענטשפרעכענדען ראבאט. אַנפראַגען עם בעשטעלונגען ווערדען פראָמפט ערלעדיגט. פערזענדע נור געגען נאכנאַהמע. ביטע זאָבאַרט צו בעשטעלען וויל די צייט איזט קורץ.

צו בעקומען ביי:

M. E. Mahler, Neu-Sandez, (Galizien).

---

## אלערפיינסטען טהעע אונד קאַפע

פערזענדעט פער פאסט פון איין קילא אנגעפאַנגען. פאן 4 קילא אויפווערטס זענדע פראנקא אונד אנגרא־פרייזע בערעכנעט. אן ווידערפערקייפער גרויסער ראבאט.

דא איך איין גרויסעס לאגער דירעקט אויס טריעסט האבע זא זינד די פרייזע מעסיג: טהעע פאן 4 קילא, קאפע פאן 2.40 אויפווערטס. אויף פאקעל טהעע פון .6 h אַנגעפאַנגען בעקאמען ווידערפערקייפער 30% ראבאט.

Alexander Frey, Nowy-Targ.

---

# HOTEL-RESTAURANT

# Rosenthal

## Lemberg,

**Rzeźnicka.**

Telefon Nr. 1314.

---

# Packet-Träger

und Knebel liefert billigst

Hans Pruner, Gloggnitz N. Ö.

---

## „Kredit-Union"

**Lemberg**

sucht in allen, auch den kleinsten Orten

**verlassliche Personen,**

die Informationen und Inkassi besorgen wollen, Genossenschaften sind bevorzugt. Freundliche Anerbieten unter Bekanntgabe der Bedingungen raschest erbeten, insbesondere von G. G. welche im Interesse unserer guten Sache diese Dienste unentgeltlich besorgen wollen.

---

## Zjedn. austr. akc. towarzystwo żeglugi parowej

# „AUSTRO-AMERICANA"

## Regularna i  bezpośrednia

### komunikacya z Austryi do Ameryki, Kanady i t. d.

| Rozkład jazdy: a) z Tryestu do Nowego Yorku | | Ceny jazdy z Krakowa: I. klasy | II. klasy | III. klasy |
|---|---|---|---|---|
| Argentina . . . . . . . | 13 listopada | K. 431·40 | K. 330·10 | K. 218·80 |
| Laura . . . . . . . . | 27 | „ 431·40 | „ 330·10 | „ 218·80 |
| Martha Washington . | 4 grudnia | „ 431·40 | „ 355·10 | „ 238·80 |
| Alice . . . . . . . . | 18 | „ 431·40 | „ 330·10 | „ 218·80 |

**Ceny zawierają już amerykański podatek (pogłówne)**

Dla pasażerów jadących przez Nowy-Jork do Kanady **obniżają** się powyższe ceny o **K. 20.**

**b) z Tryestu do Argentyny przez Rio de Janeiro**

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| Sofia Hohenberg . . . . | 11 listopada | K. 731·40 | K. 555·50 | K. 158·80 |
| Francesca . . . . . . . | 23 grudnia | » 731·40 | » 555·50 | » 158·80 |

Cena jazdy międzypokładowa Kraków — Rio de Janeiro . . . . » 158·80

**Zmiany zastrzega się.**

Jeneralna Ajencya dla Galicyi i Bukowiny i sprzedaż kart okrętowych

GOLDLUST i SKA.

Kraków, ul. Lubicz 7. (naprzeciw dworca kolej,) — Lwów, ul. Na Błonie l. 2, jakoteż wszystkie prowincyonalne ajencye.

**BIURO SPEDYCYJNO-KOMISOWE.**

---

## וואס איזט יאנאל?

# יאַנאל

איז דאס בעסטע אללער

**אינסעקטענפערטילונגס־מיטטעל**

דען עס טעטעט אונפעהלבאר

וואַנצען, שוואבען, רוססען, מייזע, ראטטען.

פיר מענשען אונד הויזטיערע אבסאלוט אונשעדליך.

ויא העלפֿטע בילליגער אלס אללע אנדערען מיטטעל.

**יאנאל** איזט נור צו האבען ביים ערציינער אונד ערפינדער:

**FRANZ SCHERHAG, WIEN XIV. Sechshauserst. 73.**

Chemiker u. k. k. Patent-Inhaber.

פרייז פער 1/2 קג.־פאקעט קראנען 2.

פערזאַנד געגען נאכנאהמע אָדער פֿאָראיינזענדונג דעס בעטראגעס.

פערטרעטער אין אַ־לען אָרטען געזוכט.

---

# 1000 קראנען ערהאלט,

ווער אים שטאנדע איזט, איין אונענטבעהרליך דינג פיר דיא נאכט: „מאנדליכט", אין יעדעם הויזע איין וואונדער דער כעמיע, אויסצובלאזען.




מיין מאנדליכטאפפאראט, איין וואונדערבארער זיננרייך קאנסטרואירטער אינטרעססאנטער ווירטשאַפטספראקטיקעל בעזיטצט **אונבעגרענצט האלטבאר** דיע פֿעהינקייט, **פאללשטענדיג קאסטענלאז** צו לייכטען, דא היערצו קיינערליי ברעננשטאַפף אנגעוועגדעט ווערדען. פיעליעהריגע גאראַנטיע פאַר טאדעללאָזע פֿונקציאָן.

| פרייזע: פיר גרעסע | M. | I. | II. | III. | IV. |
|---|---|---|---|---|---|
| קראנען | 3.60, | 4.80, | 7.—, | 11.— | 16.— |

פראנקא איבעראַלל הין נענען פֿאראויסצאַהלונג (אויך אין בריעפֿמאַרקען) אדער נאַכנאהמע 30 העללער מעהר. פֿערפאַקונג גראַטיס.

**Mondlichtwerk A. Seib, Warnsdorf 337./53.**

Wydawca: M. Fischer. — Odpowiedzialny redaktor: J. Kreppel. — Drukarnia Józefa Fischera w Krakowie.